דער סאָרטירונג פון טריקענעם טאַבאַק האָבן זיך באַטייליקט אַלע בני־בית, באַזונדערס אין די ווינטער־חדשים. דער צווייג האָט געגעבן כסדרדיקע אַרבעט פאַר דער משפחה פון לאַנד־ווירט כמעט אין אַלע סעזאָנען פון יאָר, און איז געווען אַ וויכטיקער חלק אין זיין אַלגעמיינער פרנסה.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין דער לאַנדווירשאַפט פון דער קאָלאָניע. די לאַנדווירטן האָבן אָנגעהויבן קולטיווירן אינדוסטריעלע געוויקסן, ווי זון־בלומען און סאָיאַ, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע נאָכפראַגע אויפן היימישן מאַרק און אויך אויף עקספּאָרט. דעם סאָיאַ האָבן געקויפט די דייטשן כדי אויסצואַרבעטן פון איר בוימ־אייל ווי איינע פון די באַשטאַנד־טיילן פאַר דער פּראָדוקציע פון דינאַמיט פאַר מלחמה־צוועקן, און זיי האָבן באַצאָלט גוטע פּרייזן. דידאָזיקע געוויקסן זענען געקומען אויפן חשבון פון די תבואה־קערנדלעך ווי גערשטן, האָבער, חוץ ווייץ, פון וועלכן מען האָט געבאַקן ברויט פאַרן אייגענעם געברויך אויף אַ גאַנץ יאָר.

ב. פּלאַנטאַציעס

דעם שטויס צו פלאַנצן וויינגערטנער און אויבס־ביימער האָט געגעבן דער אַגראָנאָם עקיבא עטינגער ז״ל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן אינסטיטוט פאַר פלאַנצלינגען פון דער ייק״א־געזעלשאַפט אין דער שטאָט סאָראָקע. ער האָט געראָטן די לאַנדווירטן פון דער קאָלאָניע וואָס האָבן געהאַט באָדן אויף די בערגלעך אַרום דער קאָלאָניע זיי זאָלן פלאַנצן וויינ־שטאָקן פאַר דער פּראָדוקציע פון ווייַן און טרויבן צום עסן. די לאַנדווירטן האָבן אויך געפלאַנצט טרויבן פאַר רפואה־צוועקן. פון אויבס זענען צווישן אַנדערן געפלאַנצט געוואָרן

עפל ווי גאָלד־רענעטן, באלפלאר און דאַמאַנעשט, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר די מערק אין די רוסישע שטעט.

עס דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז עקיבא עטינגער האָט געזאָרגט צו פלאַנצן ביימער אויך אין די לערן־גאָרטנס ביי דער פאַלקסשול, כדי צו אַנטוויקלען ביי די תלמידים די ליבשאַפט צו דער נאַטור בכלל און צו אַגראַר־קולטור בפרט.

ג. גרינס־צוכט

די קולטיווירונג פון ירקות אין דער קאָלאָניע איז בדרך־כלל צוגעפּאַסט געוואָרן צו די נאַטירלעכע באַדינגונגען און לויט די באַזונדערע סעזאָנען. דער צווייג פון ירקות איז געווען קאָנצענטרירט אין די הענט פון עטלעכע לאַנדווירטן וועמענס פעלדער האָבן זיך געפונען אין די טאָלן, מיט אַ מינימאַלן כמות וואַסער וואָס האָט געשטראָמט פון נאַטירלעכע קוואַלן. אַ טייל פון די לאַנדווירטן האָבן געמאַכט שותפות מיט בולגאַרישע גרינס־ציכטלער וואָס זענען באַקאַנט אין דעם פאַך. דער כמות גרינס וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויפן מאַרק פון דער קאָלאָניע איז נישט געווען גענוג צו דעקן דעם אייגענעם באַדאַרף פון דער באַפעלקערונג. דאָס וואָס האָט צוגעפעלט איז געדעקט געוואָרן דורך די שכנותדיקע דערפער אין דער געגנט. יעדן זונטיק אָדער דאָנערשטיק ווען עס איז פאָרגעקומען דער בהמות־מאַרק איז מעגלעך געווען צו קויפן ירקות אין אַ שפע און פאַר ביליקע פרייזן. דאַקעגן דאַרף באַמערקט ווערן אַז די לאַנדווירטן האָבן אויסגעברייטערט די קולטיווירונג פון עגיפּטישן טריקענעם ציבל, וואָס האָט זיך נישט גענויטיקט אין באַוואַסערונג און איז געוואָרן אַ צווייג וואָס האָט געבראַכט הכנסה.

### ד. קולטיווירונג פון זרעים און רפואה־געוויקסן

צו די אינטענסיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע צווייגן קען מען נאָך צוגעבן די קולטיווירונג פון זרעים וואָס זענען געווען באַשטימט אויף עקספּאָרט, ווי פּאַשע־בוראַקעס, אַרבעס, אוי־גערקעס און ציבל־זרעים. די זרעים האָט מען געקויפט ביי דער באַרימטער פירמע "מאָוטנער" פון עסטרייך און פירמע "ווילמאָרן" פון פראַנקרייך. מיט דער אַנטוויקלונג פון דאָזיקן צווייג האָבן זיך באַזונדערס באַשעפטיקט צוויי משפחות, דב דימיטשטיין און מאיר וויינבערג, וואָס האָבן אויך באַקומען אויסצייכענונגען אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשטעלונגען. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיי אויך אָנגעהויבן קולטיווירן רפואה־געוויקסן ווי מענטע, קאָריאַנדער און באַבונאַג. די דאָזיקע פּראָדוקציע איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר גוטע פּרייזן אין די אַפּטייקן און פאַר דער פאַרמאַצעווטישער אינדוסטריע אין די גרויסע שטעט.

### ה. צוכט פון בעלי־חיים

די צאָל רינד־קעפּ אין דער קאָלאָניע איז אין די לעצטע יאָרן איבערגעשטיגן די טויזנט, און געווען אויך אַ באַגרע־נעצטע צאָל ציגן און שאָף. דער רוב פון די רינדער זענען געווען מילך־קי וואָס זענען געקויפט געוואָרן אַדאַנק הלוואות וואָס זענען דערהאַלטן געוואָרן פונעם פאַרבאַנד פון הלוואה און איינשפּאָרונגען. די איינגעקויפטע קי זענען געווען פון דער האָלענדישער ראַסע, וואָס האָבן געגעבן דרייפאַכיק מער מילך ווי די לאָקאַלע קי. דאָס האָט גורם־געווען די אויפ־שטעלונג פון אַ קאָאָפּעראַטיווער מילכעריי מיט מאָדערנער אויסשטאַטונג. דידאָזיקע מילכעריי האָט אויפגענומען דאָס

גאַנצע מילך פון וועלכן עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פּוטער פון אַ בעסערער קוואַליטעט און פאַרשידענע קעזן. די מילך־אַרטיקלען האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּזאַץ־מאַרק אויף די מערק פון סאָראָקע און בעלץ. דער מילך־צווייג האָט זיך פאַר־שפּרייט צווישן די לאַנדווירטן. געווען עטלעכע משפּחות וואָס האָבן זייער גאַנצע פּרנסה געהאַט פון דאָזיקן צווייג.

פאַר דער ניוואַנסירונג פון דער ווירטשאַפט האָבן עטלעכע משפּחות איינגעפירט אויך בינען־צוכט און צוכט פון זייד־ווערם, און דורך דעם האָבן זיי געהאַט גרויסע הכנסות.

## ו. די הכנסה פון לאַנדווירט

די אונטערשידן צווישן די לאַנדווירטן בנוגע זייער אַרבעט־פעיקייט און צושטאַנד פון דער ווירטשאַפט, האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף זייער הכנסה. אויך דאַרף אָנגעוויזן ווערן אַז די הכנסה פון פויער אין דער קאָלאָניע איז געווען אָפּהענ־גיק אין די עליות און ירידות אין די פּראָדוקטן־פּרייזן און אין די רעגנס וואָס זענען געפאַלן אין דעם געגעבענעם סע־זאָן. אין אַ יאָר פון טריקעניש האָבן די לאַנדווירטן געמוזט אָנקומען נאָך הלוואות, כדי צו פאַרזיכערן דעם קיום פון זייער משפּחה, איינצוקויפן זרעים אויפן קומענדיקן יאָר און פאַשע פאַר די בהמות. ערשט מיטן איינפירן אינטענסיווע אַגראַר־צווייגן איז באַגרענעצט געוואָרן די געפאַר, ווייל נישט אַלע געוויקסן זענען מיטאַמאָל באַשעדיקט געוואָרן. די לאַנדווירטן האָבן זיך אָבער געהאַלטן ביי זייער באָדן־פאַר־מעג וואָס איז פאַר זיי געווען אַ געניוג באַשיידענער אָבער פּערמאַנענטער לעבנסקוואַל.

## ז. פון שטייגער־לעבן אין דער קאָלאָניע

די לאַנדווירטן אין דער קאָלאָניע זענען זעניק רואיק און אין אַ טעמפּאָ פון פּערמאַנענטער אַרבעט געווען באַשעפטיקט אין זייערע ווירטשאַפטן. די אַרבעט אין דער משפּחה איז איינ־געטיילט געוואָרן לויטן געשלעכט און לויטן עלטער. די משפּחות זענען געווען גרויסע, אין דורכשניט צו זעקס נפשות, און מחמת דעם זענען זיי זעלטן אָנגעקומען צו לוין־אַרבעט אין זייערע ווירטשאַפטן. אין די ברען־סעזאָנען פון דער אַרבעט אויפן פעלד,ביים שניט, אָדער דרעשן, פלעגט מען דינגען אַרבעטער פון די שכנותדיקע דערפער. זיי פלעגן קומען יעדן אינדערפרי אין דער קאָלאָניע מיטן אויפגאַנג פון מאָרגנשטערן און געשטאַנען אויפן מקח מכוח דעם לוין פון אַרבעטס־טאָג. די אַרבעטן זענען געווען אָפּהענגיק אין וועטער וואָס האָט געהערשט אין די זומער און האַרבסט־חדשים. זומער־רעגנס אָדער פריע האַרבסט־רעגנס האָבן גע־שטערט די אַרבעט אין די באַזונדערע צווייגן און האָבן טייל־מאָל פאַראורזאַכט שאָדן ביים איינזאַמלען די גערעטענישן.

די פאַרטיילונג פון דער אַרבעט איז אויך געווען אָפּהענ־גיק אין די פיזישע מעגלעכקייטן אָט־די אַרבעט דורכצו־פירן. די ווייבער און טעכטער זענען בעיקר געווען באַ־שעפטיקט ביי דער הויז־אַרבעט, ביים קולטיווירן דעם טאַ־באַק, ביים פאַרזעצן, אָפּשניידן און טריקענעם אים; אין הינערשטייג, אינעם הויז־גאָרטן, געגרייט עסן אויף ווינטער, ווי פּאָווידלע, געגאָסענעם פוטער און ברינזע. די מענער און זין האָבן זיך פאַרנומען מיט די שווערע אַרבעטן אַנהייבנ־דיק מיט אַקערן דאָס פעלד ביזן איינזאַמלען די גערעטע־נישן. אויך ווינטער־צייט און אין די רעגנס, האָבן זיי געהאַט וואָס צו טאָן, ווי: פאַריכטן די אַגראַר־מאַשינען אויף פרילינג,

רייניקונג פון די זרעים, צוגרייטונג פון די פלאַנצלינגען און אַזוי ווייטער.

בעת די דערוואַקסענע אין דער משפחה זענען אָוועקגע־פאַלן פון מידקייט נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט, האָט די יוגנט ערשט אָנגעהייבן פאַרברענגען און פרייען זיך, ביז נאָך חצות. די יוגנט אין דער קאָלאָניע איז געווען אַ פריילעכע. יעדן אָוונט האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט אין דער "טאָליקע" ביי דער שולע, געזונגען און געטאַנצט אַרום פייער־שייטערס. אַ טייל פון די זין פלעגט אויסנוצן די נאַכט כדי אַרויסגיין מיט די פערד אויף פאַשע, געריסן קוקורוזע צום בראָטן, און נאָך אַ דרימל פון צוויי שעה, צוריקגעגאַנגען מיטן זון־אויפגאַנג צו אַ טאָג שווערע אַרבעט.

די יידן אין דער קאָלאָניע האָבן געוווּסט ווי צו פייערן די יום־טובים פריילעך און לוסטיק. באַזונדערס פייערלעך איז געפּראַוועט געוואָרן סוכות און שמחת־תורה. אין סוכות, ווייל דאָס איז דער יום־טוב פון ערד־אַרבעטער ווען ער זאַמלט איין זיין גערעטעניש פון פעלד. וואָס גרעסער די גערעטעניש, אַלץ גרעסער די פרייד. די פרייד איז געווען באַזונדערס גרויס אין דער נאַכט פון שמחת־תורה, ווען עס זענען געפּראַוועט געוואָרן די הקפות מיט די ספרי־תורה אַרום בעלעמער אין די בתי־כנסת, ווען חברה קליינוואַרג האָט געטראָגן לעמפּ־לעך פון דיניעס אָדער פענדלעך מיט ברענענדיקע ליכט, שטראַלנדיק פון פרייד און שמחה. אָט דער יום־טוב איז געפייערט געוואָרן ווי אין פסוק שטייט: "ושמחת בחגיך" — "חגיך" איז חג האסיף ביי די לאַנדווירטן אין דער קאָלאָניע.

איצט אָבער איז דאַמבראָווען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חורובער ערד, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך וואָס זענען אָפּגעמעקט געוואָרן לעולם ועד.

אליהו דאַווידזאָן (תל־אביב)

# וועגן אַנהייב פון שטעטל

איך פלעג ליב־האָבן צו הערן פון מיין פאָטער, ר׳ שעפּטל שוחט, זכרונות וועגן אַנהייב פונעם שטעטל, די ערשע יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע אין בעסאַראַביע, ווו מיר זענען געבוירן, אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן.

מיין פאָטער וואָס איז געווען אין משך פון פערציק יאָר נאָכאַנאַנד שוחט, מוהל און חזן אין בית־כנסת ״די קלויז״, איז געווען אַ געבוירענער אין דאָמבראָווען. אויך זיין פאָטער הרב ר׳ שמואל זאב איז געווען שוחט אין שטעטל אין משך פון פערציק יאָר. ביידע זענען זיי געשטאַנען ביים וויגעלע פון שטעטל און זיי האָבן געקענט דערציילן פיל מעשיות וועגן יענע ערשטע טעג. איינע פון זיי וויל איך דאָ איבער־דערציילן.

דאָס איז געווען אין די טרויעריק באַרימטע צייטן פון די ״קאַנטאָניסטן״, אין די צייטן פון צאַר ניקאָליי דער ערשטער (1855—1796), ווען יידישע קינדער פון אַלע עקן רוסלאַנד זענען גענומען אָדער ״געכאַפּט״ געוואָרן אין מיליטער. אַ סך פון זיי האָבן געמוזט זיך שמדן. זייער פיל פון זיי, נישט געקוקט אויף דעם וואָס מען האָט זיי געהאַלטן אין איין צורעדן צו דעם, זענען געבליבן טריי דעם יידישן דת די גאַנצע צייט פון זייער דינסט (25 יאָר). נאָך דעם ווי רוסלאַנד האָט דעראָבערט דעם דרום־מערבדיקן טייל פון בעסאַראַ־ביע, האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף אין וועלכן זי האָט פאַרגעלייגט יידן צו באַזעצן זיך אינעם דאָזיקן וויסטן ראַיאָן, זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט און אַדאַנק דעם

וועלן זייערע קינדער באַפּרייט ווערן פון דער פליכט דאָס גאַנצע לעבן צו דינען אין מיליטער, און פון צאָלן שטייערן אין משך פון צען יאָר. אויפן דאַזיקן רוף האָבן געענטפערט ידן אין פּאָדאָליע און קודם־כל די יידן פון דער שטאָט מעזשביש, ווו עס האָט געלעבט דעם בעל־שם־טוב און וואָס איז געוועזן אַ צענטער פאַר זיין טעטיקייט און דאָרט איז ער אויך נפטר־געוואָרן. טאַקע די מעזשבישער יידן האָבן עס געלייגט דעם וועג פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין בעסאַראַביע און האָבן אויסגעקליבן פאַר זיך דאָס רואיקע און פעטע ווינקעלע דאַמבראָווען, אינעם סאָראָקער קרייז. דעם באַדן האָבן יידן געקויפט פאַר גוט געלט פון אַן ערד־באַזיצער אין יאַס.

און אָט וואָס עס האָט פּאַסירט אין שטעטל אין די ערשטע צייטן פון זיין עקזיסטענץ, אין די בהלה־טעג פון די "קאַנ־טאָניסטן". אַדאַנק דער דרייסטקייט און קלוגן מאַנעווער פון מיין זיידן ר' שמואל זאב (וואָלף), אַ מקובל און גרויסער למדן, זענען פון די "כאַפּערס" אָפּגעראַטעוועט געוואָרן צוויי יינגלעך וואָס זענען שוין געוועזן פאַרהאַלטן אין איינע פון די הייזער, ווו מען האָט זיי געהאַלטן געבונדן די הענט און די פיס ווי שעפּסן פאַר דער שחיטה, רחמנא לצלן. אין איינע פון די פינצטערע נעכט, אין דער נאַכט פון שבת־קודש, ווען די יידן אין שטעטל זענען שוין געוועזן פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף, האָט אַנגעקלאַפּט אין זיידנס פענצטער אייבער פון די לאַנדווירטן; "פרץ דער רויטער" האָט מען אים גע־רופן צוליב זיין רויט פּנים. אַ פאַרסאַפּעטער און דערשראָ־קענער האָט ער דערציילט: "כאַפּערס באַגלייט מיט זשאַנדאַרן און פּויערים פונעם שכנותדיקן דאָרף, האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז פון יוסף מעזשיביזשער (קאַמאַראָוו)". צוערשט

האָט דער זיידע זיך דערשראָקן און איז געבליבן אַ פּריטש־מיעליטער צום אָרט. גאָר גיך איז ער אָבער געקומען צו זיך און דעם ייד געבעטן מער נישט צו דערמאָנען דאָס וואָרט "כאַפּערס", נאָר ער זאָל שנעל אַוועקלויפן צום צענטער פון דער קאָלאָניע און שרייען הויך אויפן קול: "גזלנים! יידן ראַטעוועט, ראַטעוועט!". הערנדיק דעם רוף זענען באַלד אָנגעלאָפן די "שטאַרקע"־לייט אין שטעטל, באַוואָפנט מיט שטעקנס און דרענגער און זיי האָבן מיטן גאַנצן אימפּעט אָנגעפאַלן אויף די זשאַנדאַרן, זעלנער און פויערים און זיי גוט אָנגעקלאַפּט די ביינער. אין דער גרויסער מהומה האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אינעם הויז וווּ עס האָבן זיך געפונען די געבונדענע ייִנגלעך, און מען האָט זיי באַפרייט פון די קייטן, זיי זאָלן לויפן זיך אויסצובאַהאַלטן.

צומאָרגנס נאָך שבת, זונטיק, איז קיין דאָמבראָווען אָנגעקומען אַן אויספאָרש־קאָמיסיע אין שפּיץ מיטן קרייז־קאָמענדאַנט און הויפּט־פּראָקוראָר. די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן אויסצופאָרשן: ווער האָט אָרגאַניזירט דעם איבערפאַל, ווער האָט געהייסן שרייען איבער די גאַסן "גזלנים"? פּרץ דעם רויטן איז נישט שווער געווען צו דערקענען און ווירקלעך איז ער אַרעסטירט און אַריבערגעשיקט געוואָרן אין דער תפיסה קיין סאַראָקע. פּרץ דער רויטער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די פּייניקונגען און דערציילט לסוף, אַז דער זיידע האָט אים דאָס געהייסן שרייען "גזלנים". באַלד איז אַרויס אַ באַפעל מען זאָל אַרעסטירן מיין זיידן. היות אָבער ווי דער זיידע האָט שוין פאַרלאָזט די וווינונג עד יעבור זעם, זענען אַלס ערובניקעס אַרעסטירט געוואָרן זיינע צוויי גרויסע זין, וואָס זענען אַלס ערד־אַרבעטער באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט. ווען דער מצב האָט זיך נאָך מער פאַר־

ערגערט, האָבן זיך אַריינגעמישט די ״נכבדים״ פון דער שטאָט סאַראָקע און האָבן אינטערוועניררט ביי דער מאַכט צו פאַר־לייכטערן די שטראָף.

דער משפט איז פאָרגעקומען פאַר אַ קרייז־געריכט פון געשווירענע. דער זיידע, ווען ער איז געשטאַנען פאַרן גע־ריכט און מען האָט אים געפרעגט אויף וואָס פאַרא גרונט האָט ער העכער ווי אַלע געשריגן ״גזלנים״, בעת ער האָט פאַר זיך געזען באַאַמטע פון דער רעגירונג ווי זיי דערפילן זייערע אויפגאַבן, האָט ער רואיק און קאַלט געענטפערט: ״איך דערקלער פשוט און פראָסט, אַז לויט מיין בעסטן פאַרשטאַנד האָב איך גאָר אַנדערש נישט געקענט משער־זיין זיך. איך האָב זיך געטראַכט אַז בלויז גנבים און רויבערס טוען זייער אַרבעט ביינאַכט. מענטשן פון געזעץ און אָר־דענונג דאַקעגן טוען זייער אַרבעט ביי טאָג״. די איינגע־שווירענע ריכטער האָבן אָנגענומען דעם זיידנס טענה. ער איז באַפרייט געוואָרן צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין און פרץ דעם רויטן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די וויטיקפולע געשיכטע מיט די ״כאַפּערס״, אַ פרשה וואָס האָט געקאָסט דמים — תרתי משמע. איינער פון די צוויי יינגלעך וואָס איז דעמאָלט אָפּ־געראַטעוועט געוואָרן פון די ״כאַפּערס״ הענט איז געווען ר׳ דוד קאַמאַראָוו, שפּעטער אַ בכבודיקער באַלעבאָס און פאַרמעגלעכער בעל־משפחה אין שטעטל.

אַזוי האָבן שוין די ערשטע יידן אין דער קאָלאָניע מקיים־געווען דעם ״כל ישראל ערבין זה בזה״.

# דעם רבס הויז

חיה פונט (שטערנבערג)

## דאָס הויז פון מיינע עלטערן

**(וועגן מיין פאָטער הרב משה שטערנבערג ז״ל
און מוטער ברכה ז״ל)**

מיין פאָטער, הרב משה שטערנבערג ז״ל, איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 48 יאָר. מיין מאַמע איז געבליבן מיט ניין יתומים. די דריי עלטערע ברידער זענען אַלע געווען רבנים. דער עלטסטער, אייזיק, איז געווען רב אין מאַהילעוו, דער צווייטער, שלמה, איז געווען רב אין קיעוו, און דער דריטער — דער יינגסטער — לוי, האָט געירשנט דאָס כסא־הרבנות פונעם טאַטן. בײדע משפחות האָבן געוווינט אין איין גרויס הויז, צעטיילט אויף צוויי דירות. מיין ברודער לוי איז פאַקטיש געוואָרן דער ״פאָטער״ פון דער גאַנצער משפּחה. מיר אַלע האָבן געלעבט אונטער זיין קלוגע, האַרציקע און איבערגעגעבענע שוץ. די מאַמע האָט אָפּגעהיטן דעם גוטן גייסט פון רבס הויז. דעם גייסט האָט מען געקענט

אויסשעפן אין צוויי ווערטער: "מותר" און "אסור", בעיקר "אסור" — "מ'טאָר נישט". מען טאָר נישט רעדן מיט אַ הויך קול, מען טאָר נישט אָנטקעגן רעדן, מען טאָר נישט אַרומגיין באָרוועס, מען טאָר נישט פאַרבינדן די האָר אַזוי ווי די "שיקסעס". מיר האָבן אַזוי געלעבט כסדר אין אַ רעזשים פון אינסטרוקציעס וויאַזוי זיך צו פירן. האָט עמיצער פון דער משפחה געפּרוווט אַרויס פון אָט דער ראַם, האָט די מאַמע אים אויסגעזידלט און באַמערקט: "קינדער פאַרגעסט נישט אַז איר זענט קינדער פון אַ רב. מיט אייער אויפפירונג דאַרפט איר זיין אַ ביישפּיל פאַר אַלע בחורים און מיידלעך אין שטעטל". איך מוז מודה־זיין, אַז דער רעזשים וואָס האָט געהערשט אין שטוב, דאָס געפיל אַז אויף אונדז ליגט דער חוב צו זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע, האָט אין אונדז אַנט־וויקלט אַ געפיל פון דיסציפּלין און העכערקייט, נישט קיין באַרימערישע גאווהדיקע העכערקייט, חלילה. נישט קיין העכערקייט וואָס פאַרלאַנגט אַ באַזונדערע רעכט נאָר אַ העכער־קייט פון פליכט, אַ מין פאַרפליכטנדיקע אַריסטאָקראַטישקייט. איצט, נאָך לאַנגע יאָרן זינט איך האָב די היים פאַרלאָזט, ווען איך זע אונדזערע משפחה־מיטגלידער דאָ אין לאַנד, זייער האַלטונג, רייד, געשמאַק און שטרעבונגען, בין איך פול מיט באַגייסטערונג פון טיפן רושם, וואָס דעם רבס הויז האָט איבערגעלאָזט אין די נשמות פון די אָפּשטאַמיקע פון דעם הויז, און איך טו תפילה אַז אָט דער גייסט פון אַצילות און עניוות זאָל אַריבער צו די קומענדיקע דורות פון דער משפחה פון הרב שטערנבערג ז"ל.

דאָמבראָווען האָב איך פאַרלאָזט אין אַ זייער יונגן עלטער. איך בין אַרויסגעפאָרן קיין אָדעס און קיין קיעוו, כדי דאָרט צו שטודירן אַלגעמיינע לימודים און לערנען אַ פאַך. עט־

לעכע יאָר שפּעטער בין איך עולה־געווען קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1937 בין איך געפאָרן קיין דאָמבראָווען באַזוכן מיין ברודער דעם רב מיט זיין משפּחה און גיין אויף קבר אבות פון מיין פאָטער ז״ל. דאָס שטעטל האָב איך דעמאָלט גע־טראָפן אַביסל אַנדערש ווי איך האָב עס געהאַט איבער־געלאָזט. עס איז אָבער געבליבן האַרציק און וואַרעם ווי געווען, און יידן האָבן דאָרט געלעבט צוזאַמען ווי איין גרויסע משפּחה. פון אָט דעם באַזוך מיינעם איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אַן עפּיזאָד. דאָס איז געווען סוכות און מען האָט געדאַרפט בענטשן אתרוג. אין יענעם יאָר איז אָבער קיין אתרוג נישט אָנגעקומען, האָט מען דעריבער געשיקט אַ ספּעציעלן שליח קיין סאַראָקע און דאָרט געבעטן ביים רב ער זאָל אויסלייען דעם אתרוג אויף עטלעכע שעה, יידן אין דאָמבראָווען זאָלן קענען יוצא־זיין מיט דער מצווה. גאַנץ דאָמבראָווען — מענער, פרויען און קינדער — האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים רבס סוכה כדי מקיים צו זיין די מצווה — ווער מיט מאַכן אַ ברכה ווער בלויז מיט נאָכזאָגן ״אמן״. היות ווי איך בין געווען אַ גאַסט פון ארץ־ישראל האָט מען מיר מכבד געווען צו בענטשן אתרוג פאַר אַלע ווייבער. עד היום געדענק איך די שפּאַנונג און אַטמאָספער פון קדושה וואָס האָט אַרומגענומען די גאַנצע עדה. מיט אַ הייליקן ציטער האָב איך גענומען דעם אתרוג אין האַנט און גע־גרייט זיך צו מאַכן די ברכה. פּלוצים האָב איך געהערט ווי עמעצער שעפּטשעט מיר אַריין אַ סוד אין אויער. דאָס איז געווען בערעלע דימיטשטיין, אַ קלוגער באַליבטער ייד ביי אַלעמען אין שטעטל. ״חייקעלע״ — האָט ער מיר געזאָגט — ״מיין ווייב רייזל און די טעכטער האָבן נישט געקענט אָנ־קומען אַהער, בעט איך דיר: האָב זיי אינזינען ביים מאַכן די

ברכה״. טרערן האָבן מיך בעשטיקט אין האַלדז פון טיפער געריר־טקייט. וואָס פאַראַ תמימותדיקע פרומקייט! וואָס פאַראַ משפחהדיקע טריישאַפט! וואָס פאַראַ בענקשאַפט נאָך דער הייליקייט פון יום־טוב!

דאָס איז געווען מיין לעצטער באַזוך אינעם טייערן שטעטל. אין מיין האַרץ טראָג איך ביז היינט דעם אָנדענק פון די טייערע און איבערגעגעבענע איינוווינער און דעם זכר פון רבס משפחה, וואָס איז געווען אַ שטאָלץ יידיש מלכות. אויף אַט דעם לעבן וואָס איז אַזוי חרוב־געוואָרן טו איך וויינען און קלאָגן.

משה שטערנבערג

# מיין פאָטער דער רב
# און די קאָלאָניע דאָמבראָווען

## א.

מיינע זכרונות וועגן דעם שטעטל זענען פאַרנעפּלט גע־וואָרן אונטערן דרוק און באַלאַסט פון די געשעענישן וואָס זענען פאָרגעקומען אין משך פון די צענטליקער יאָרן זינט איך האָב עס פאַרלאָזט. אַן ערך דרייצן יאָר בין איך אַלט־געווען ווען איך בין אוועק אין דער שכנותדיקער שטאָט סאָראָקע, ביי די ברעגעס פון דניעסטער, כדי דאָרט צו לער־נען אין דער גימנאַזיע. לויט היינטיקע באַגריפן איז דער מרחק צווישן אונדזער שטעטל און סאָראָקע געווען זייער אַ

קליינער, אַן ערך צוואַנציק מינוט נאָרמאַל פאָרן מיט אַן אויטאָ. די קאָמוניקאַציע וואָס איז דעמאָלט געווען, האָט אָבער לאַנג געמאַכט דעם וועג, האָט היבש דערווייטערט איין ישוב פונעם צווייטן. די עפנטלעכע פאַרבינדונג צווישן דער שטאָט און די קאָלאָניע איז געווען אַ "לעבעדיקע", אַ וואָגן מיט צוויי פערד. די נסיעה איז געווען אַ לאַנגע און דערמידנדיקע. אַ גאַנץ יאָר אַזוי און באַזונדערס אין די ווינטער־חדשים, אין טעג פון רעגנס און שניי. די ערשטע זאַך פאַר אַ ייִנגל וואָס איז געפאָרן לערנען אין שטאָט אַריין, איז געווען די זאָרג פאַר אַ שטענדיקער "קוואַרטיר", ער זאָל נישט צופיל אַרומשלעפּן זיך אויף די וועגן, פאָרן אַהין און צוריק, און נישט קענען זיך אינגאַנצן אָפּגעבן מיט די לימודים. אויך איך האָב אַזוי געטאָן. איך האָב זיך אינגאַנצן אַריבערגע־צויגן קיין סאָראָקע. די באַזוכן אינדערהיים זענען געוואָרן זעלטענע. חוץ אויף יום־טוב האָב איך בלויז אין די וואַ־קאַנסן פאַרבראַכט אינעם שטעטל. מען קען בכן זאָגן, אַז מיינע יאָרן פון "רייף"־ווערן, בין איך נישט געווען אין דער קאָלאָניע. אירע געשטאַלטן, פּראָבלעמען, צרות און שמחות, ווי איך געדענק זיי פון מיין קינדהייט, זענען איינגעהילט אין אַ מין געדיכטן נעפּל. בלויז דאָ און דאָרט רייסן זיך אַרויס ליכט־שטראַלן, באַגלייט מיט עמאָציאָנעלע איבער־לעבענישן. אַלץ קאָנצענטרירט אַרום דער היים, אַרום רבס הויז, און אַרום דער שטראַלנדיקער פערזענלעכקייט פון מיין פאָטער, הרב לוי שטערנבערג זצ"ל, וועלכער איז בעתן צווייטן וועלטקריג פאַרטריבן געוואָרן דורך די רוסן קיין אוזבעקיסטאַן. דאָרט האָט ער אַ פאַראיינזאַמטער און פאַר־לאָזטער אָפּגעגעבן די נשמה זיין בורא, אין טאָג פון כ"ב טבת תש"ה. זיין אצילותדיק פּנים, זיין רואיק, געלאַסן און

שכלדיק קול, באַגלייט מיך דאָס גאַנצע לעבן. דער זכרון פון זיינע תפילות און רייד ברענגט אויף אין מיר נאָך ביזן היינטיקן טאָג, גייסטיקע ברויזונג און אַ ציטער פון קדושה.

ב.

דער טאַטע איז געווען אַ רב אין אַ קליין שטעטל. דאָס איז אָבער געווען אַן אייגנאַרטיק שטעטל. דאָס איז געווען די ערשטע ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע אין בעסאַ־ראַביע אין וועלכער עס האָבן געלעבט און געאַרבעט ייִדישע לאַנדווירטן, פויערים ממש. פשוט אין זייער האַלטונג, פיזיש געזונט און גייסטיק גאַנץ, זענען זיי טאָג־טעגלעך אַרויס צו זייער אַרבעט, געאַקערט, געזייט און געשניטן זייער פרוכטבאַרע שוואַרץ־ערד אַרום דער קאָלאָניע. זיי האָבן געאַרבעט אין די וויינגערטנער און געזונגען אַ לויב דעם בורא־עולם. חוץ זייער פרנסה זענען די ייִדן אין דאַמבראַווען געווען ענלעך צו אַלע אַנדערע ייִדן אין די אַנדערע שטעט־לעך פון בעסאַראַביע. איך וואָלט געזאָגט אפילו צו אַלע ייִדן אין די אַנדערע שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע. זענען דאָך די ייִדישע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע ענלעך געווען איי־נעם צום אַנדערן ווי זיי וואָלטן אַרויס פון איין פורעם. אין זיי האָבן זיך געשטאַלטיקט לעבנסאַרטן און מענטשן־טיפּן, אַ סטאַבילער שטייגער און די זעלבע טיפּן. האָסטו זיי גע־קענט אין דיין שטעטל האָסטו לייכט געקענט זאָגן, אָן שום מורא פאַר אַ טעות, אַז גענוי אַזעלכע געפינען זיך אויך אין אַנדערע שטעטלעך. איין טראָפּן פון ים קען דען נישט עדות־זאָגן וועגן אַלע אַנדערע ים־טראָפּנס? דער רב, דער שוחט, דער מוהל, דער חזן, דער בעל־קורא, דער גביר, דער קבצן, דער רופא, דער אַפּטייקער, דער שדכן, דער

לערער, דער מלמד, דער פאַרזיצער, דער בעדער, דער יואָסערטרעגער, דער פורמאַן, דער קאַוואַל, דער דיכטער מיט דער טשופרינע, דער געלערנטער בוכהאַלטער מיטן שניפּס, דער שבת־גוי, דער שטאָט־משוגענער — די אַלע, די העלדן פון דער ידישער דראַמע, זענען אויך געווען אין אונדזער שטעטל. אונדזערע שרייבערס אין ידיש און אין העברעיש, האָבן גוט געשילדערט די אַלע טיפּן, דערציילט זייערע מעשים און איבערגעגעבן זייערע רייד. דאָס זענען די געשטאַלטן פון מאַרקולעשט אָדער קאַפּרעשט אָדער שטויביץ אָדער בוטשאַטש אָדער קילק, און דאָס געגנט זענען די געשטאַלטן פון מיין שטעטל. געווען זענען אויך אין מיין שטעטל די אַלע אָרגאַניזאַציעס, חברות און מוסדות מיט וועלכע עס זענען געבענטשט געוואָרן אַלע ידישע קהילות, תורה־אַנשטאַלטן, בתי־כנסת, שולן, ליי־ און שפּאַר־קאַסעס, הילף און שטיצע פאַר אָרעמלייט און פאַר קראַנקע נצרכים, אַ ציוניסטישע יוגנט, אַ "לינקע" יוגנט, מיטגלידער פון דער "קולטור־ליגע", ספּאָרט־פאַריין "מכבי", אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק און אפילו קרייזן פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אַלגעמיינע בילדונג. און צו דעם אַלעם נאַטירלעך אַ חברה־קדישא מיט אַ סטאַטוט פאָרמולירט אין לשון־קודש, און די מיטגלידער האָבן געמאַכט סעודות און געטרונקען "לחיים" נאָך יעדער לוויה, ווינטשענדיק אַן עליה פאַר דער נשמה...

מיין שטעטל, געגנט ווי אַנדערע שטעטלעך, איז געווען אַן עקסטעריטאָריעל אינדזל נישט בלויז פון עטנישן אָדער שפּראַכלעכן שטאַנדפּונקט. אין אַ געוויסן זין איז דאָס אויך געווען אַ באַזונדער איינהייט פון פּאָליטישן און יורידישן שטאַנדפּונקט. דאָס איז געווען אַן אויטאָנאָם־נאַציאָנאַל וועזן אָן שום אָרגאַנישן קשר מיט דער גרויסער געזעלשאַפט

אַרום. פון געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט איז די קאָלאָניע, געווי גאַנץ בעסאַראַביע, געווען אין רוסישן תחום, חוץ אַ קורצע צייט צווישןביידע וועלט־מלחמות ווען זי איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צו רומעניע. די ייִדן אין דאַמבראָווען זענען אָבער פּאַקטיש קיינמאָל נישט געווען נישט אין רוסלאַנד, נישט אין רומעניע. דאָס איז באַזונדערס ריכטיק לגבי דעם עלטערן דור. כמעט אַלע האָבן זיי פאַרגעזעצט צו לעבן אין ארץ־ישראל אויף דער בעסאַראַבישער ערד. זייער בקיאות אין דער געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל איז איבערגעשטיגן זייער וויסן אין דער געאָגראַפיע פון רוסלאַנד אָדער רומעניע. די שטעט ירושלים, חיפה, צפת און חברון זענען געווען זייערע שטעט ממש. אין זייער דמיון האָבן זיי אַרומגעשפּאַצירט אין יענע גאַסן און געסעלעך. אין געאָגראַפיע אַזוי, על אחת כמה וכמה אין זייער היסטאָריע. די געשיכטע פון פאָלק און לאַנד אין וועלכן זיי האָבן געלעבט האָט נישט בעהאַט קיין שום ממשותדיקע אחיזה אין די נשמות פון די ייִדן אין דאַמבראָווען. דאַקעגן די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק מיט אַלע זיינע פערזענלעכקייטן, געשעענישן און טרוימען זענען געווען אַ לעבעדיקער און וואַכזאַמער פאַקטאָר אינעם קאָלעקטיוון און אינדיווידועלן באַוווסטזיין און איבערלעבנישן. אין דער וואָך ווען יוסף איז אַרויס פון תפיסה און איז געוואָרן דער משנה־למלך אין מצרים, איז געווען אַ יום־טוב אין דער קאָלאָניע, שוין אָפּגערעדט פון די גרויסע געשעענישן אין דער ייִדישער געשיכטע פאַר וועלכע עס זענען באַשטימט געוואָרן באַזונדערע יום־טובים אין משך פון יאָר. די ייִדישע יום־טובים און די ייִדישע טרויער־טעג זענען געווען דער אמתער לוח. לויט אים האָבן געלעבט די ייִדן אין דער קאָלאָניע, און לויט אים האָט געשטימט דער ריטם

פון די יאָר־סעזאָנען. מיט "מוריד הטל" האָט זיך אָנגע־
פאַנגען דער זומער, און מיט "משיב הרוח ומוריד הגשם"
האָט זיך אָנגעהויבן דער ווינטער. די געשעענישן פון יאָר
זענען פאָרגעקומען ערגעץ־ווו צווישן פסח און שבועות,
אָדער אין "די דריי וואָכן" אָדער אין די "ניין טעג" אָדער
"חול־המועד" אָדער "חנוכה" אָדער "פאַר פורים". דאָס
זענען געווען די צייט־צייכנס פונעם ייד אין משך פון קיי־
לעכדיקן יאָר. אפילו דער טאָג־זייגער איז געווען דורכגע־
נומען מיט יידישער טראַדיציע. זאַכן זענען פאָרגעקומען
"צווישן מנחה און מעריב", פאַר "שחרית", בעתן "מוסף",
אין דער צייט פון "נעילה".

זעקס טעג אין דער וואָך זענען געווען טעג פון שווערער
לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, און דער טאָג פון שבת איז
געווען אַ טאָג פון מנוחה, אַ טאָג פון נשמה יתירה. אין דער
מלוכהשער גרונטשול האָט מען געלערנט בלויז זעקס טעג
אין דער וואָך. דער דירעקטאָר איז געווען אַ ייד און אַלע
תלמידים זענען געווען יידן. די גערעדטע שפּראַך איז געווען
יידיש אָבער דער לעבנס־תוכן איז געווען יידיש־טראַדי־
ציאָנעל אין לשון־קודש. ענינים בין אדם לחברו אָדער קאָנ־
פליקטן צווישן מאַן און ווייב זענען געבראַכט געוואָרן לדין
פאַר מיין טאַטן דעם רב, און ער האָט געפּסקנט לויט דער
הלכה און דעם פּסק־דין געשריבן אין לשון־קודש. דער רב
איז גוזר און דער ייד איז מקיים, אָן צוואַנג פון דער פּאָליציי,
אָן אַ שטעקן און קאַנטשיק. איך געדענק נישט עמיצער זאָל
נישט וועלן מקיים־זיין דעם פּסק־דין פון רב, חוץ איין איינ־
ציקן פאַל. דאָס איז באמת געווען אַן אויסנאַם. צווישן די יידן
אין שטעטל איז געווען איינער אַ ייד אַ מקורב למלכות. אַ
שיינער געזונטער און פעסטער יונגערמאַן, תמיד ראַזירט און

אין גאַליפּע־הויזן פון אַ רייטער. אַ מין ידישער גוי וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן ידן. ער איז געווען אַ פאַר־הייראַטער אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך איינגעליבט אין אַן אשת־איש, רחמנא ליצלן און צוגערעדט דאָס ווייבל צו פאַר־לאָזן דעם מאַן אירן. מיין פאָטער, דער רב האָט פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל צוריקגעבן דאָס ווייבל צו איר פריערדיקן מאַן. ער האָט נישט געוואָלט, און אונטער זיין השפעה האָט אויך זי זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו פאָלגן. אַזוי האָט זיך געפירט אַ ביטערער קאַמף צווישן דעם רב און די נאַטור־כּוחות, בעת אין דעם פאַל האָט די "נאַטור" געזיגט.

אויסער איינצלנע פּיקאַנטע פאַלן איז דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע געגאַנגען סטאַביל און רואיק. דאָ איז געווען אַ געשלאָסענער קרייז אין וועלכן ידישע לאַנדווירטן האָבן געפירט אַ געזונט אַרבעטס־לעבן, באַפריים פון קאָמפּלעקסן פון פרעמדקייט און זוכענישן וועגן זייער אידענטיטעט און מהות. נישט געקוקט אויף זייער רואיק לעבן האָבן אָבער די ידן אין דאָמבראָווען גוט־גוט געוווּסט וועגן די פּיין און צרות פון זייער פאָלק. אין די יאָרן 1918—1922 איז דאָס שטעטל געווען אַ טראַנזיט־סטאַציע פאַר די פּליטים פון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, דורך וואַנען עס האָבן דורכגע־וואַנדערט פיל אַנטלאָפענע. מענער, פרויען און קינדער האָבן דאָ "געגנבעט" די גרענעץ, דורכגעשמוגלט דעם דניעסטער און אָנגעקומען אין דער קאָלאָניע. דער "עזרת נשים" אין דער שול וואָס האָט זיך געפונען נעבן אונדזער הויז האָט געדינט אַלס פּלאַץ צום נעכטיקן די ערשטע נאַכט נאָך לאַנגע נעכט פון וואַנדער און וויי, נאָך טעג פון הונגער און קעלט. דאָ איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אַביסל וואַרעמס און וואַרעמע מלבושים כדי זיי מחיה־נפשות זיין. אַלע איינוואוינער

פון דאַמבראָווען האָבן איינטיילגענומען אין אַט דער הייליקער אַרבעט וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ סך מי, בייטאָג און ביינאַכט.

אין בעסאַראַביע איז דעמאָלט אַנטשטאַנען אַ צענטראַל־קאָמיטעט וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר די פּליטים פון אוקראַינע. ער האָט געזאַמלט געלט צו העלפן איינאָרדענען די פּליטים אין בעסאַראַביע און אַ סך פון זיי געבן הילף צו עמיגרירן. מיין טאַטע איז אויסגעקליבן גע־וואָרן אַלס מיטגליד אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט. אין ראַם פון אַט דער טעטיקייט אינעם קאָמיטעט, און מצד דעם קאָמיטעט, האָט מיין פאָטער זיך באַגעגנט מיט זאב (וולאַ־דימיר) טיאָמקין, וואָס איז געווען דער שליח פון הילפס־קאָמיטעט אין אייראָפּע צוהילף די געליטענע פון די פּאָג־ראָמען אין אוקראַינע. אין רעזולטאַט פון אַ געמיינזאַמער אַקציע לטובת די פּליטים האָט זיך צווישן די צוויי אַנט־וויקלט אַ לאַנגיעריקע פריינטשאַפט. צו זיי איז דערנאָך צוגעשטאַנען ד״ר שוואַרצמאַן, וועלכער איז געקומען קיין בעסאַראַביע אַלס ספּעציעלער שליח מצד דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן. אויך ער האָט פיל געטאָן לטובת די פּליטים. די אַלע דריי האָבן דערנאָך געבילדעט אַ ספּע־ציעלע גרופּע, וואָס האָט באַזוכט די שטעט און שטעטלעך אין בעסאַראַביע און דורכגעפירט אַן אויפקלערונגס־אַקציע לטובת דער ערשטער זאַמל־אַקציע פאַרן קרן היסוד, וואָס האָט געדאַרפט פינאַנסירן די קאָסטן פון בויען דאָס לאַנד אויף דער ערד וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן דורכן קרן קימת לישראל.

יידן אין דאַמבראָווען האָבן זיך מטפל־געווען מיט די פּליטים מיט ברודערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט, אָבער נישט בלויז מיט די פּליטים אַליין, אויך די גרופּעס חלוצים

וואָס זענען געקומען אין דער קאָלאָניע אויף "הכשרה" פֿאַר זייער עליה, האָבן דאָ געפֿונען אַ סך ליבשאַפֿט און אַן אומבאַגרענעצטע איבערגעגעבנקייט. שוין אין יאָר 1906, ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן יוגנט און זיי צוגרייטן צו ערד־אַרבעט, איז אונדזער קאָלאָניע אויסגעקליבן געוואָרן אַלס נאַטירלעך הכשרה־אָרט פֿאַר דער דאָזיקער אויפֿגאַבע. יידישע יוגנטלעכע פֿון אָדעס האָבן איניצירט די גרינדונג פֿון אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען "ביי־ביל"ו". לויט די תקנות האָבן צו דער אָרגאַניזאַציע געקענט געהערן יוגנטלעכע אין עלטער פֿון אַכצן יאָר וואָס זענען גרייט צו בלייבן נישט־פֿאַרהייראַט די גאַנצע צייט פֿון דער הכשרה ווי אויך צוויי יאָר נאָכן אָנקומען קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן געדאַרפֿט לערנען העברעיש און אַראַביש ווי אויך אַגריקולטור און האַנטווערק. אונדזער קאָלאָניע איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס הכשרה־פּלאַץ פֿאַר פֿופֿציק־זעכציק חלוצים אין אַלע פֿרילינג־חדשים. די אָרגאַניזאַציע "ביל"ו החדש" איז נישט געוואָרן קיין ברייטע חלוצישע אָרגאַני־זאַציע, מיט דער צייט איז זי אונטערגעגאַנגען. זינט דעמאָלט איז אָבער אונדזער קאָלאָניע תמיד געווען אַ צענטער פֿאַר הכשרה פֿון חלוצים צו פֿעלד־אַרבעט און אַנדערע מלאכות. ווען די חלוצישע באַוועגונג איז באַנייט געוואָרן און יונגע בחורים האָבן געשטראָמט אין דער קאָלאָניע לערנען אַרבעטן, זענען זיי דורך די לאַנדווירטן פֿון דאָמבראָווען אויפֿגענומען געוואָרן מיט אָפֿענע הערצער. זיי האָבן זיי אַריינגעפֿירט אין זייערע הייזער, זיי מדריך־געווען ביי אַלע אַרבעטן אין פֿעלד, גאָרטן, ווייַנגאָרטן און בינשטאָק.

פֿאַרן רוב פֿון די יוגנטלעכע וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין דאָמבראָווען איז די עליה קיין ארץ־ישראל געווען אַ

זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. דער רוב פון זיי האָט זיך נישט געגוויטיקט נישט אין אַ פיזישער און נישט אין אַ פסיכישער צוגרייטונג. ווי אַנדערש זענען זיי געווען פון די שוואַכע, מאַגערע "חלוצים" וואָס זענען אָנגעקומען צו אונדז אויף "הכשרה". פאַר אונדזערע יוגנטלעכע איז אַרבעט און מלאכה געווען אַ טאָג־טעגלעכע זאַך. פעלד, גאָרטן און ווייַנשטאָק איז געווען זייער נאַטירלעכע סביבה. אַקעראייַזן, ריסקלען, סערפּ און קאָסע זענען פאַר זיי געווען נאַרמאַלע אַרבעטס־מכשירים, ווי אַ המשך פון זייערע געבענטשטע הענט. אַז עס איז געקומען זייער צייט פון עליה, זענען זיי געפאָרן קיין ארץ־ישראל נישט צוליב קריזיס אָדער רעוואָלוציע, נישט ווי פּליטים וואָס אַנטלויפן פון דער גלות־פּיין, אויך נישט ווי עולי־רגל וואָס קומען אויף קבר־אבות, נאָר ווי אַזעלכע וואָס קומען צוריק צו זייערע עלטערנס היים נאָך אַן אי־בעררייס פון הונדערטער יאָרן, כדי ממשיך־זיין דאָרט ווו זיי האָבן איבערגעריסן, ווייטער באַאַרבעטן די ערד, זי אויפ־היטן זי זאָל געבן אירע פרוכט.

אַ סך, אַ סך פון אונדזערע לאַנדסלייט לעבן אין לאַנד, געהערן צו אירע ערשטע אַרבעטער און שומרים. זיי געפינען זיך אין די קבוצות, קיבוצים, מושבות און מושבים, און אין די שטעט פון ישראל. דער גרעסטער טייל פון זיי — מענטשן פון אַרבעט און מי, גלייכע און געטרייע מענטשן וואָס זענען אַ געבענטשטער המשך פונעם יידישן לעבן וואָס איז דאָרט פאַרלענדט געוואָרן.

ג.

דאָס כסא־הרבנות האָט דער פאָטער מיינער געירשנט פון זיידן הרב משה שטערנבערג ז"ל, ועלכער איז נפטר־

געוואָרן אין שנת תרס"ד־1904 ווען דער טאַטע איז אַלט געווען צוויי־און־צוואַנציק יאָר. אין דאָזיקן יונגן עלטער האָט דער טאַטע גענומען אויף זיך דעם שווערן עול פון רבנות און אָנגעהויבן זיין געבענטשטע דערציעריש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט וואָס האָט זיך אויסגעברייטערט און צעצווייגט מחוץ די גרענעצן פון אונדזער שטעטל, איבערן קרייז און איבער דער גאַנצער מדינה. אונדזער היים, דעם רבס הויז, איז ממש געוואָרן אַן אינסטיטוציע. דאָס איז געווען אַ מין אויפזיכט־צענטער פאַרן גאַנצן לעבן אין דער קאָלאָניע אין וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן מיט אַלע זיינע ניואַנסן און אַספּעקטן. דער רב האָט געזאָרגט פאַר דער שולע, באַנק, עפנטלעכע אַנשטאַלטן, פאַרן עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן פון אָרט. דאָ האָבן זיך צוזאַמען באַגעגנט די אינטעליגענץ, דער רופא, דער לערער, די רעליגיעזע משכילים און די פרייע, געבילדעטע. ער האָט אויך געהאַט נאָענטע פריינט וואָס פלעגן זייער אָפט קומען צו אים און פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מין אינערלעכן קרייז פונעם רב. איך געדענק, למשל, דעם דירעקטאָר פון דער פאָלקסשול אַבראַמאָוויטש, אַ נידעריקער, מאָגערער, מיט אַ ווייס בערדל ווי ביי מענדעלי מוכר־ספרים. אָט דער אַבראַמאָוויטש איז געווען אַ משכיל און אפילו אונטערגעזינדיקט מיט שרייבן. ער פלעגט זיין צווישן די שטענדיקע געסט ביי אונדז. דאָס זעלבע דאָס פאַרפאַלק מאָגין וואָס איז געקומען פירן די שולע נאָכן טויט פון אַבראַמאָוויטשן. אויך געדענק איך גוט ר' אברהם אַקסענפעלד, יחיאל פינטשעווסקי, סוכער (יששכר) ראַבינאָוויטש און זיין ווייב די עסקנית טאָבע, אידל בראָנ־שטיין, בערעלע דימיטשטיין, לייב ברייטמאַן און לייב קופּער־מאַן — אַלע גוטע פיינע ייִדן, משכילים און תורה־ייִדן, וואָס

האָבן הנאה געהאַט פון אַ גוט וואָרט. שבת און יום־טוב פלעגן די מתפללים אין רבס בית־כנסת קומען צו אונדז אויף אַ קידוש. זיי האָבן זיך געזעצט אַרום לאַנגן געדעקטן טיש, געזאָגט דברי תורה, געזונגען זמירות, געפּלעגט די נשמה יתירה, די נשמה פון אַ ייִד אום שבת. אונדזער הויז איז געווען פון די בריוו־חדיקסטע אין שטעטל, זיבן צימערן מיט אַ גרויסער וועראַנדע און סוכה ביים פראָנט. איין צימער איז געווען דעם טאַטנס אַרבעט־צימער, אין דעם איז געווען אַ חידוש, אַ מאָדערנע זאַך, אַ זעלטנקייט ביי אַ רב אין אַ שטעטל אין אונדזער געגנט. אַ סך ספרים זענען געווען אין שטוב, ספרי־קודש און הלכה־ספרים, אָבער אין איינע פון די ווינקעלעך פון צימער איז געשטאַנען אַ גרויסע גלאָז־שאַפע פאַרשלאָסן. די שראַנק איז געווען פול מיט ספרים חיצוניים, דער עיקר ביכער פון חכמת הרפואה, אין רוסיש און טיילווייז אין העברעיש. די שראַנק איז אין מיינע אויגן געווען אַ מין סימבאָל פון דעם וועג וואָס דער טאַטע וואָלט אויסגעקליבן ווען ער וואָלט נישט געמוזט נעמען אויף זיך דעם עול פון רבנות אין אַזאַ יונגן עלטער. איך זאָג געמוזט, ווייל דער זיידע, דער רב, איז געשטאָרבן יונג, איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט יתומים, און דער איינציקער וועג זיי צו באַזאָרגן מיט פרנסה איז געווען דאָס רבנות איבערצולאָזן אין קרייז פון דער משפחה. דער טאַטע איז געווען דער נאַטירלעכער קאַנדידאַט אויף דעם אַמט. זיינע צוויי גרעסערע ברידער, אייזיק און שלמה, זענען שוין דעמאָלט געווען רבנים אין אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד, און דער טאַטע איז געווען דער עלטסטער פון די קינדער וואָס זענען געבליבן אין דער היים און געפּאַסט אַלס רב סיי לויטן תורה־וויסן און סיי לויטן פאַרשטאַנד.

פון אַלע צימערן אין הויז האָב איך צום בעסטן ליב־געהאַט די פּאַרמאַכטע וועראַנדע אין פראָנט, די ווענט זענען געווען באַגלאָזט און מען האָט פון דאָרט געקענט אַרויסקוקן און זעען דעם דרויסן פון דריי זייטן. איך האָב ליב־געהאַט דאָ צו פאַרברענגען לאַנגע שעהען אין אַלע צייטן פון יאָר, אָבער באַזונדערס האָב איך דאָס ליב־געהאַט צו טאָן סוכות. די דאַך־פליגל איבער דער וועראַנדע האָט מען ברייט געעפנט און עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ טיף בלויער הימל. די סטעליע איז באַדעקט געוואָרן מיט סכך, די ווענט באַצירט מיט בלומען. דער גרויסער טיש איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טיש־טעך איז געשטאַנען אין מיטן, און דער ריח פון אתרוג און לולב האָט פאַרשמעקט דעם אַרום. אַזוי איז די סוכה געשטאַנען אַכט טעג אַ פרישע און שמעקעדיקע, געפייערט מיט אַלעמען דעם חג האסיף, דעם יום־טוב פון איינזאַמלען די תבואה און טרויבן אין ווייַן־קעלטער. ווי ליב האָב איך געהאַט צו קוקן אויף דער מאַמען, איטע זכרונה לברכה, ווי זי גייט אַרום אין דער סוכה, אַ באַחנטע און שטראַלנדיקע, און דערלאַנגט כיבוד די געסט.

דער צער פון יחיד און דער צער פון כלל האָבן זייער טרייסט געפונען אין אָט דעם הויז, די שמחה פון יחיד און פרייד פון כלל האָבן זיך דאָ געהייליקט און דערהויבן. דער רב איז געווען אַ בעל־יועץ פאַר יעדן איינעם פון די תושבים וועגן אַלע זייערע פערזענלעכע ענינים, משפחה־זאַכן, געשעפטן. פאַר אַלע איז ער געווען אַ לערער, מדריך און וועגווייזער. דאָס הויז איז אויך געווען אַ פאַרבינדונגס־רינג צווישן דער קאָלאָניע און דער דרויסנדיקער וועלט. איז געקומען עמיצער אַ גאַסט וואָס האָט געהאַט ועלכע נישט איז שייכות מיט עניני הכלל האָט ער זיך גלייך גע־

װענדט צום רב נאָך עצה און הילף. זייער אָפט פלעגן קומען צו אונדז בעלי־דין פון אַנדערע שטעט, כדי דער טאַטע זאָל זיין אַ בורר. זיין חכמה, מזג־טוב און האַרציקער הומאָר האָט אים פיל געהאָלפן ביים אויסגלייכן די צעקריגטע צדדים. אין געלט־ענינים איז ער תמיד נוטה־געווען צו אַ פשרה. די פראַגע וואָס ער פלעגט תמיד שטעלן די צדדים איז געווען: וואָס ווילט איר ידן, אַ פשרה אָדער אַ דין־תורה? געווען ידן מיט ״פּרינציפּן״, בייזע און עקשנים וואָס האָבן זיך שטרענג געהאַלטן ביי די חומרות פון אַ דין־תורה. מיטן גאַנצן ברען און האַרץ האָבן זיי געפאָדערט אַ דין־תורה, נאָר אַ דין־תורה. איך געדענק אַ מעשה מיט אַ בעל־דין וואָס האָט זיך צעקאָכט און צעשריגן מיט קולי־קולות: אַ דין־תורה, נאָר אַ דין־תורה! ער האָט אזוי לאַנג געשריגן, אַז דער ברוך האָט זיך אים געעפנט. עס איז שווער געווען אים צו באַרויקן און די בהלה איז געוואָרן גרויס, ביז מען האָט אַלאַמירט דעם פעלדשער און צוזאַמען מיט אים אַ פרוי וועלכע איז געווען בקי אין ברוכן, וואָס האָט ״אַריינגענומען״ צוריק די געדערים אויף זייער אָרט. אַז דער טאַטע האָט געהערט אַזאַ קאָמפּראָמיסלאָזע פאָדערונג אויף אַ דין־תורה האָט ער זיך בנחתדיק אָװעקגעזעצט אין פאָטעל, אַ גלעט געטאָן די לאַנגע באָרד און געזאָגט: ״שווערע ידן, שווערע ידן״. דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז הגם אַ ייד האָט רעכט צו פאַרלאַנגען אַ דין לויט דער תורה, איז אָבער אַ גרויסער זכות ווען ער איז זיך מתגבר און באַגנוגנט זיך מיט אַ פשרה.

צייטנווייז פלעגט דער טאַטע אַרויספאָרן אין אַנדערע שטעט וואוהין ער איז פאַרבעטן געוואָרן אַלס בורר אין קאָמפּליצירטע דין־תורהס. זייער אָפט פלעגט ער אַרויספאָרן

אין צענטראַלע שטעט פון דער מדינה אויף קאָנפערענצן און לאַנד־צוזאַמענפאָרן. ווען ער איז צוריקגעקומען פון זיינע רייזעס פלעגט ער פאַרזאַמלען די קהילה, זיי מיטבאַטייליקן אין זיינע מיינונגען און איבערלעבענישן. אַזוי אַרום האָט ער זיין קהילה געבראַכט צו צעמענטירונג און לויטערער גייס־טיקער דערהייבונג, בתוכם פיל מענטשן פון תורה און חכמה, זיי זאָלן אויך האָבן אַ מעגלעכקייט צו כאַפּן אַ בליק מחוץ פון זייער תחום.

ד.

דער טאַטע ז"ל איז געווען אַ רעליגיעזער ציוניסט, אַן אָרטאָדאָקס, און זיין פרומקייט איז געווען סיי בנוגע דעם ציוניזם וואָס איז בבחינת בנין הארץ און סיי לגבי דער רעליגיעז־גייסטיקער ירושה פון פאָלק. די צוויי אַספּעקטן האָט ער באַטראַכט ווי געבונדן צווישן זיך פיזיש און גייסטיק. אָן דער גייסטיקער ירושה האָט ביי אים דער ציוניזם אויס־געזען ווי אַ זעגלשיף אָן אַ ווינט און אָן אַ ריכטונג, וואָס טרייסלט זיך אַהער און אַהין, צווישן קלעם און קריזיס, און די געפאַר זי זאָל צעבראָכן ווערן לויערט אָן אויפהער. ווידער די גייסטיקע פאָלקס־ירושה אָן אַ ציוניזם וואָס בויט און פאַר־ווירקלעכט, האָט אים אויסגעזען ווי זי וואָלט פאַרלוירן דעם באָדן, אירע טייכן און ברעגעס, און איז פאַרמשפט חלילה אויף פאַראַרעמונג. זיין ציוניזם האָט זיך אינטעגרירט אין זיין רעליגיעזקייט מיט דער גאַנצער טיפקייט פון זיין וועזן, אינערלעכן באַוווּסטזיין און געפילן. ער איז געווען פון די גרינדערס פון "מזרחי" אין בעסאַראַביע. צוזאַמען מיט זיין חבר און פריינט הרב י. ל. פישמאַן־מימון ז"ל האָט ער געווירקט אויפצושטעלן אָפּטיילונגען פון אָט דער באַוועגונג

אין בעסאַראַביע און רומעניע, און לסוף איז ער אויסגע־קליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער באַוועגונג דאָרט. אין תרצ״ז איז ער געווען דעלעגאַט פון דער באַוועגונג אויפן 20סטן ציוניסט־ישן קאָנגרעס און איז טיף באַאיינדרוקט געוואָרן פון גרויסן גייסט וואָס האָט צעמענטירט אַלע אָנ־טיילנעמערס. אינעם זעלבן יאָר, נאָענט צו זיין צוריקקער פון קאָנגרעס, האָב איך באַזוכט די היים אויף מיין וועג קיין לאָנדאָן. איך געדענק ווי ער האָט מיט אַ ספּעציעלער באַ־וואונדערונג דערציילט וועגן שטאָלצן אויפטריט פון ראַביי סטיפן ווייז. עס איז אים אָבער שווער געווען צו פאַרדייען די רבנות־געשטאַלט פון אַזאַ רעפאָרם־ראַבינער. ווי קען זיך דאָס עפּעס אַ רב רופן מיטן נאָמען ״סטיפן״ און הייתכן, ווי איז עס געמאָלט אַ רב זאָל גיין בגילוי ראש, זיין אַ גילוח און דערצו — אַזאַ מאַסיווע געשטאַלט, אַזאַ גוף. מיט אַן איראָנישן שמייכל האָט ער צוגעגעבן ,אַז ווען ער האָט דערזען דעם רבי ווייז האָט ער ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען דעם פּסוק ״גוי גדול עצום ורב״...

אַ שווערן קאַמף האָט דער טאַטע געפירט מיט די עקס־טרעם־פרומע וואָס האָבן אין ציוניזם געזען אַ סעקולערע באַוועגונג וואָס באַדראָט דעם דת. ״מזרחי״ האָט געטענהעט, אַז רעליגיעזע ייִדן דאַרפן זיין אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג און משפּיע זיין פון אינעווייניק לטובת דער מסורה און ייִדישע הייליקייטן, בעת ״אגודת ישראל״ האָט מורא געהאַט אַז דורך שותפות וועט דער דת ליידן. הרב צירלסאָן הי״ד, דער ראש פון די רבנים אין בעסאַראַביע, איז געווען דער פּרעזידענט פון ״אגודת ישראל״ און האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די רבנים אין דער מדינה. אַ סך מוט איז נויטיק געווען כדי אַרויסצוטרעטן קעגן דער אָנשטיונג

פון דער "אגודה". אין איינע פון זיינע בריוו צו הרב מימון שילדערט דער טאַטע די גרויסע שוועריקייטן אויף וועלכע ער טרעפט אָן בעת זיינע אויפטריטן אין די בתי־מדרשים ווען ער פּרעדיקט לטובת דער רעליגיעזער־ציוניסטישער באַוועגונג. איינמאָל, דערציילט ער, איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ דרשה וועגן ציוניזם אין בית־מדרש אין קישעניעוו, אין דער הויפּטשטאָט פון בעסאַראַביע: "שבת ווען איך בין אַרויף אויפן בעלעמער רעדן און איך האָב גערעדט אפשר אַ האַלבע שעה, האָבן די ישיבה־בחורים מיטן אגודה־סעקרע־טאַר אָנגעהויבן מאַכן אַן אַבסטרוקציע ווי עס געהער צו זיין, אַזוי אַז איך האָב נישט געקענט ענדיקן מיין דרשה... ווען איך האָב זיי געזאָגט אַז די דרכי התורה זענען דרכי שלום ונועם, און אַז עס איז גלייכער אַזעלכע יונגע בחורים זאָלן זיין מתלמידיו של אהרון הכהן, האָבן זיי געענטפערט מיט אַ געשריי: "מיר ווילן זיין פּנחס'ס". די בחורים האָבן געלערנט אין דער ישיבה אין קישעניעוו וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך הרב צירלסאָן. ווען הרב צירלסאָן האָט זיך דאָס דערוווּסט האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַרן טאַטן זאָגנ־דיק, אַז זיי האָבן איבערגעשריטן דאָס וואָס מען האָט זיי אָנגעזאָגט, "זיי האָבן בלויז געדאַרפט היטן איר זאָלט נישט רעדן שלעכטס, חלילה, אויף דער אגודה, אָבער ווי דער שטייגער ביי יוגנעלייט האָבן זיי איבערגעטריבן און איך באַדויער וואָס עס האָט אַזוי פאַסירט". תוך כדי דיבור, האָט ער געהאַט אַ טענה צום טאַטן, הלמאַי ער האָט דער־מאָנט אין זיין דרשה דעם מדרש איכה ג׳: "אמר הקדוש ברוך הוא: הלוואי היו בני עמי בארץ, אף על פי שמטמאין אותה" (גאָט האָט געזאָגט: אַז הלוואי וואָלטן זיי, די קינדער מיינע, געוועזן אין ארץ־ישראל, כאָטש זיי זענען עס מטמא).

האָב איך געזאָגט: "ראשית, האָב איך נישט געבראַכט דעם מדרש, און צווייטנס שטייט דאָך אין מדרש אַזוי, און אויב דער רב און הגאון מוהר"ם מאַהיליעווער האָט דאָס געבראַכט, פאַרוואָס איז דאָס אסור צו ברענגען בקהל ה' ?".

נישט געקוקט דערויף וואָס זיי זענען געווען "פּאָליטישע קעגנערס" האָבן צווישן דעם טאַטן און הרב צירלסאָן גע־הערשט באַציונגען פון טיפער פריינטשאַפט און שעצונג. כאָטש ער איז געווען פירער פון דער "אגודה" איז הרב צירלסאָן געווען אַ מענטש מיט ברייטע האָריזאָנטן און האָט נאָכגעפאָלגט מיט אינטערעס און ליבשאַפט אַלץ וואָס עס איז געטאָן און געבויט געוואָרן אין ארץ־ישראל. דער טאַטע האָט אין אים געזען אַ פאַרבינד־רינג צווישן "מזרחי" און "אגודה". פון די בריוו וואָס איך האָב געפונען אין אַרכיוו פון "מוסד הרב קוק" אין ירושלים, זעט מען די גרויסע באַמיונגען וואָס דער טאַטע האָט געמאַכט כדי צו געפינען מיט דער הילף פון הרב צירלסאָן אַ וועג צו די הערצער פון די מנ־היגים פון "אגודת ישראל". וויבאַלד עס איז נישט מעגלעך צו ברענגען צו אַ מיזוג פון די באַוועגונגען, איז ווייניקסטנס כדאי צו דערגרייכן אַ צוזאַמענאַרבעט כדי צו פאַרזיכערן די "רעליגיעזע ענינים און תורה־פּרימאַט אין דער קאָנסטיטוציע פון דער יידישער מדינה". אין יאָר תרצ"ח (1938) האָט הרב צירלסאָן איבערגעשיקט דעם טאַטן דעם ענטפער פון הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, נשיא פון מועצת התורה, אין וועלכן ר' חיים ענטפערט אַז "אין דעם ענין איז ער גרייט צו גיין מיט געשלאָסענע אָרעמס" און ער פאַרזיכערט צו ווענדן זיך צו די רבנים בלוי און ראָזענהיים, זיי מעורר זיין דערצו. עס איז שווער געווען, דעם טאַטן, צו פאַרשטיין ווי רעלי־גיעזע יידן קענען שטיין מנגד אין אַזעלכע גורלדיקע מאָ־

מענטן פאַרן ידישן פאָלק, כלומרשט צוליבן ציטער פאַר הייליקייטן און ווערטן פון דער תורה. דער טאַטע האָט געפילט גרויס ליבשאַפט צו די חלוצים וואָס בויען דאָס לאַנד און הגם ער האָט געוואָלט, זייער שטאַרק געוואָלט, זען ווי מען האַלט ערלעך די תורה און מען איז זיך נוהג אין גייסט פון דער טראַדיציע, האָט דאָס די סעקולאַרע התנהגות זייערע נישט פאַרקלענערט און נישט פאַרטושט דאָס גרויס־קייט פון דעם וואָס זיי טוען. שטאַרק איז געווען זיין גלויבן, אַז דער צוריקקער קיין ארץ־ישראל וועט אין ענדגילטיקן סך־הכל ברענגען אַ צוריקקער צו די ווערטן פון ידישן דת און מוסר.

אויך כלפי פנים, כלפי דעם מזרחי־באַוועגונג, האָט ער געפאָדערט מער וואַכזאַמקייט, מער מסירת־נפשדיקייט. ער האָט געהאַלטן אַז די באַוועגונג דאַרף זאָרגן צו דערציען לערערס "בעלי מוסר גבוה", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, כדי זיי זאָלן קענען מיט זייער פירעכץ און פערזענלעכקייט דינען ווי אַ מוסטער פאַר זייערע תלמידים. לערערס און דער־ציערס זענען ביי אים געווען וויכטיקער ווי רבנים, דעריבער שרייבט ער צו הרב מימון: "איך געדענק אַז ווען איך בין געווען צוואַנציק יאָר אַלט האָב איך מיט פאַרביטערונג געפרעגט דעם הרב הגאון מוהר"ם עפשטיין פון גראָדנא: פאַרוואָס זאָרגט איר פאַר רבנים און מו"צים און נישט פאַר לערערס? גיט אונדז לערערס האָב איך געשריגן, גענוג מיט רבנים־פאַבריקן! לייגט מער אַכט פאַרן נייעם דור — — — און דער גאון האָט מיר צוריקגעשיקט מיינע בריוו צוליב מיין עזות". פערזענלעכער ביישפיל איז פאַרן טאַטן געווען אַ פרינציפ — אַ יסוד אין דער דערציונג און התנהגות פון יעדן ייד. אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך באַמיט

מקיים־צו־זיין דעם פרינציפּ מיט זיין גאַנצער פירונג און גאַנג אין לעבן. ער האָט מחמיר־געווען מיט זיך אין מוסר און אין דת, מקפּיד־געווען אין לייכטע ווי אין האַרבע זאַכן.

באַווייזן פאַר זיין פאַרצווייגטער טעטיקייט אין דער מזרחי־באַוועגונג זענען בנימצא אין זיינע בריוו צו הרב מימון, וואָס געפינען זיך אין ״מוסד הרב קוק״ אין ירושלים ווי אויך אין די פיל באַריכטן וואָס זענען געשיקט געוואָרן צו דער צענטראַלע פון דער באַוועגונג קיין ירושלים. וועגן מעמד און אַרבעט פון טאַטן אין דער מזרחי־באַוועגונג אין די יאָרן 1934—1938 שרייבט מיר אין אַ בריוו מ א י ר ש י ל ו ח פון קבוצת ״ י ב נ ה ״, וואָס האָט מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט אין יענע יאָרן. אין דעם בריוו ווערט געזאָגט:

״צווישן די פילפאַרביקע מעשים — רעדאַגירן אַ צייטונג, אויפשטעלן צוויי הכשרה־פערמעס פון הפּועל המזרחי, טור־נעע איבער בעסאַראַבישע שטעטלעך, כדי אין זיי צו גרינדן אָפּטיילונגען פון דער באַוועגונג, רעפּרעזענטאַנץ אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואַלן צו די קאָנגרעסן, קרייז־צוזאַמענפאָרן, לויפיקע טעטיקייט אין מרכז מזרחי און נאָך — איז בולט געווען די שטראַלנדיקע האַרציקע פּערזענ־לעכקייט פון נשיא הרב ר׳ לוי שטערנבערג ע״ה, די צענ־טראַלע געשטאַלט, מוח און האַרץ פון אונדזער גאַנצער טעטיקייט וואָס האָט באַשטימט און דעצידירט בנוגע אַלץ וואָס האָט געוואָרט אויף אַנטשיידונג. דער אינערלעכער אמת און עטיק האָט אַרויסגערופן אומגעצוימטן צוטרוי צו אים. זיינע רייד האָבן נישט אַרויסגערופן קיין קעגנערשאַפט. ער האָט געשמט מיט זיין שיקול־הדעת און באַנעם פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען. אַלע פּאַרטייען און שטרעמונגען האָבן אַנערקענט זיין פּרימאַט באַזונדערס מחמת דעם וואָס

ער איז געווען אַ נקי־כפּים ובר־לבב. ער האָט פאַרמאָגט אַ געפיל פאַר הומאָר און געהאַט אַ פּראַקטיש־זאַכלעכן צוגאַנג צו יעדן ענין. אַ מענטש מיט אַ ברייטן האָריזאָנט און באַ־רעכנטן געדאַנק. מיר האָבן אַרויסגעגעבן די צייטונג "אונדזער וועג" און אין יעדן נומער איז דאָס לייט־אַרטיקל געווען זיינס. אין טשערנאָוויץ איז דערשינען אונדזער וואָכנבלאַט "דרכנו", רעדאַגירט פון הרב האַגער ז"ל. אין דער צייטונג איז געווען אַ זייט פאַר אונדז, "פונעם מזרחי־לעבן אין בעסאַראַביע", און אין די באַריכטן וואָס איך האָב סטאַביל צוגעשיקט האָט קיינמאָל נישט געפעלט דער נאָמען פון הרב לוי שטערנבערג. ער איז געווען נישט בלויז אַ מענטש פון דער פאַרטיי און עסקן פון דער ערשטער ריי נאָר אַ האַרציקער פריינטלעכער מענטש מיט פאַרשטענדעניש און אַ ברייטע נשמה, אַ בעל־מידות, אַ גוט אויג, אַ העפלעכער, אַ פרומער און משכיל ביי וועמען איינס איז חלילה נישט געווען קעגן דעם אַנדערן, נאָר פאַרקערט — איינס האָט משלים־געווען דאָס אַנדערע. איך האָב זיך מיט אים באַפריינדעט גענוי ווי מיט אַנדערע, און נאָך מער. פון די נעפּלען פון עבר איז מיר זיין געשטאַלט געבליבן איינגעקריצט קלאָר, אָן שום פלעק און פגם".

איך האָב בהרחבה ציטירט דעם בריוו פון שילוח צו מיר, געשריבן י"ז אלול תשכ"ט (10.9.69), ווייל די ווערטער זענען מיר אויס צו זיין טרעפלעך און אויסשעפנדיק ביז גאָר.

ה.

די ציוניסטישע און די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון טאַטן איז נישט געווען באַגרענעצט בלויז צום מזרחי אַליין. ווען אין קישעניעוו איז זיך צוזאַמענגעקומען די אַל־בעסאַ־

ראַבישע קאָנפערענץ כדי צו באַהאַנדלען די אָרגאַניזירונג פון בעסאַראַבישן יידנטום פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די נאַציאָנאַלע און בירגערלעכע רעכט פון די יידן אין רומעניע, איז דער טאַטע אויסגעוויילט געוואָרן אינעם צענטראַל־קאָמיטעט כדי צו ווירקן צוזאַמען מיט הרב צירלסאָן און מיטן דאָרטיקן פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַ סך צייט האָט ער געווידמעט די טעטיקייט לטובת דעם קרן קימת, זיין הויפּט־טעטיקייט איז אָבער געווען לטובת דעם קרן היסוד און אין די קאַמפּיינען פאַרן קרן היסוד. ער איז געווען איינער פון די באַרימטסטע און באַליבסטע רעדנער אין בעסאַראַביע. זיינע רייד זענען געווען דברים היוצאים מן הלב, און במילא זענען זיי אריין יעדן איינעם גליך אין הארץ. אין די בראשית־יאָרן פון קרן היסוד, ווען יידן זענען אויפגעפּאָדערט געוואָרן צו געבן מעשר לטובת בנין הארץ, פלעגט דער טאַטע באַזוכן די שטעט און שטעטלעך פון בעסאַראַביע און אָנשטעקן זיינע צוהערער מיט אַ מעכטיקער התלהבות ביז די אָנוועזנדיקע פלעגן אויסליידיקן זייערע טאַשן און געבן זייער געלט לטובת דעם פאָנד. ווייבער האָבן אַראָפּגענומען זייערע אויערינגלעך, פינגערלעך און קידושין־רינגלעך — אַלץ אַוועקגעגעבן פאַרן קרן היסוד. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי צו רעדן צו מענטשן אין אַ פאַרשידענער פאָרם, און צו יעדן אויף אַ באַזונדערן אופן. ער האָט תמיד געוווּסט צו וועמען ער רעדט. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען טעטיק אין אַ גרופּע פון דריי רעדנערס. צו זיי האָט געהערט ד״ר שוואַרצמאַן, וואָס איז געווען אַ ספּעציעלער שליח פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָנדאָן, אינזשיניער וולאַדימיר (זאב) טיאָמקין און דער טאַטע. די צוויי ערשטע פלעגן כמעט אומעטום האַלטן די זעלבע רעדע, בעת

דער טאַטע פּלעגט כמעט אומעטום האַלטן אין אַנדער רעדע. זיינע חברים האָבן אים אַמאָל געפרעגט: "פונוואַנען נעמט איר דאָס, רבי, אַזוי פיל רעדעס?" דערויף האָט ער גע־ענטפערט: "וואָס איז דער וווּנדער, איך בין דאָך אַ רב און אַ רב שטעלט זיך אויף אַ פּסוק. אַזוי פיל פּסוקים קיין עין־הרע, און יעדער פּסוק האָט אַן אָנהייב און אַ סוף. יעדעס מאָל ווען איך דאַרף רעדן נעם איך אַ פּסוק און דרשע, בין זיך מיט אים מחיה. אַמאָל הייב איך אָן ביים אָנהייב און ענדיק מיטן סוף און אַמאָל הייב איך ביים סוף און ענדיק מיטן אָנהייב. אַ ייד וואָס לעבט פון פּסוקים — מוז האָבן אַ סך השראה".

ער האָט געגלייבט באמונה שלימה, אַז דער וועג צום פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם, איז אויך דער וועג צו דער גאולה. ער האָט געגלייבט אַז דאָס יידישע פאָלק וועט דער־שפּירן אַז דאָס איז דער איינציקער וועג פאַר זיין רעטונג און אַז דאָס פאָלק וועט נישט אַנטוישן. זיין גלויבן אינעם פאָלק, אינעם "רבים", אין קעגנזאַץ צו די בלאָנדזשענדיקע יחידים און אָפּנייגנדיקע גרופּעס, האָט ער געגעבן אויסדרוק דורך טרעפלעכע פּסוקים און שיינע דרש־ווערטער. איינער אַזאַ דרש זיינער לעבט אין מיין זכרון ביזן היינטיקן טאָג. ער פלעגט דערציילן אין נאָמען פון איינעם אַ גאון ביי וועמען מען האָט געוואָלט ער זאָל אויפווייזן די אמתדיקייט פון דער תלמודישער מימרא, אַז עס איז נישטאָ אַ זאַך וועגן וועלכער עס איז נישט אַנגעמערקט געוואָרן אין דער תורה. מען האָט אים געפרעגט: אויב עס איז ריכטיק אַז וועגן אַלץ איז שוין דאָ אַ רמז אין דער תורה, טאָ זאָגט אונדז רבי, ווו געפינט זיך דאָס פערלדיקע ווערטל אין יידיש „אַ גאַנצע וועלט איז נישט משוגע!". דער גאון האָט זיך געחידושט

און געזאָגט: וואָס הייסט? דאָס שטייט דאָך בפירוש אין חומש און געפינט זיך אויך אין קריאת־שמע. אין דער ערשטער פרשה ווערט געזאָגט: ״ואהבת את ה׳ אלוהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך״, בעת אין דער צווייטער פרשה שטייט ״לאהבה את ד׳ אלוהיכם ולעבדו בכל לבבכם ובכל נפשכם״. דאָס וואָרט ״מאודיכם״ שטייט נישט, איז פאַרשווונדן. וואָס־זשע איז דער זין וואָס דער פסוק זאָגט ״מאודך״ און זאָגט נישט ״מאודיכם״? דער ענטפער איז: ״מאד״ הייסט פאַרמעגן — געלט. אין דער ערשטער פרשה ווענדעט זיך די תורה צום יחיד, בעת אין דער צווייטער פרשה ווענדעט זיך די תורה צום רבים. ביי אַ יחיד קען געלט אים זיין טייערער ווי זיין גוף (ווי עס ווערט געזאָגט אין דער גמרא ברכות, ס״א, ב׳), און מעגלעך אַז אפילו טייערער ווי זיין נפש, דעריבער האָט דער פסוק געדאַרפט אָנזאָגן ״מאדך״. ווען עס האַנדלט זיך אָבער אין ״רבים״, אין דער גאַנצער וועלט, איז דאָס נישט נויטיק, ״אַ גאַנצע וועלט איז דאָך נישט משוגע״. אַ רבים ווייסט וואָס עס איז חשובער און וועט נישט וועלן געלט אַנשטאָט דעם גוף און נפש. דער מוסר־השכל איז געווען אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף געבן זיין ביישטייער לטובת דעם קרן היסוד מיט אַ ברייטער האַנט און גוטן ווילן, ביד רחבה ובנפש חפצה, ווייל אין דעם ליגט זיין ישועה, און מען מעג זיין בטוח, אַז דאָס פאָלק וועט נישט אַנטוישן.

ו.

אַ פערמאַנענטן קאַמף האָט דער טאַטע געפירט מיט די עקסטרעם־פרומע אָבער אַ פיל שווערערע מלחמה האָט ער געפירט מיט די לינקע: בונד, מיטגלידער פון דער קולטור־

ליגע, ייִדישיסטן און קאָמוניסטן. זייער צאָל איז ביי אונדז נישט געווען גרויס. דער ציוניזם איז געווען דער דאָמינאַנטער כוח אין אונדזער קאָלאָניע, פונדעסטוועגן זענען יענע געווען אַ היבשע איינפלוסרייכע גרופּע. זיי האָבן געהאַט אין זיך עפּעס וואָס האָט אונטערגעהעצט, צוגערעדט און איבערגערעדט די יוגנט, וואָס איז אַוועק פון אַלץ. זיי האָבן געוווּסט וויאַזוי צו רעדן הויך־הויך אין נאָמען פון שיינע אידעאַלן, וואָס האָבן אַרומגענומען די גאַנצע וועלט, אין נאָמען פון דער מענטשהייט, אין נאָמען פון מענטש ווי אַ מענטש, בעת דער ציוניזם האָט גערעדט וועגן דעם ייִד, וועגן דעם ייִדישן פאָלק, גלות און ייִדישע הילף. איך געדענק, אין דער קאָ־לאָניע איז געווען טעטיק אַ ליטעראַרישער קרייז, אַ קרייז פאַר די שאַפונגען פון י. ל. פּרץ. אין דעם קרייז האָבן זיך באַטייליקט ליטעראַטור־ליבהאָבער פון אַלע באַוועגונגען און שטרעמונגען. מען האָט איבערגעלייענט אַ דערציילונג פון פּרץ און דערנאָך האָט מען זי אַרומגערעדט, אַנאַליזירט יעדן זאַץ, יעדעס וואָרט און געדרשנט אפילו די שטומע פּינטעלעך ביים סוף פון יעדן פּסוק. ווען איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל איז מיר אויך אויסגעקומען צו זיין אַמאָל אינעם דאָזיקן קרייז. בעתן וויכוח האָב איך "גענומען אַ וואָרט" און גע־זאָגט, אַז די שטומע פּינטעלעך פון פּרצן האָבן גרויס באַ־דייטונג, חוץ זייער קינסטלעריש־ליטעראַרישן זין איבערצו־לאָזן פּלאַץ פאַרן דמיון פונעם לייענער, שיינען זיי מיר אויך צו זיין טרערן פון י. ל. פּרץ. ווען דער אינהאַלט פון דער דערציילונג איז פרייד און גליק פאַר ייִדן — זענען דאָס טרערן פון פרייד; ווען דער אינהאַלט איז, חלילה, צער און ליידן — זענען דאָס טרערן פון צער און אומעט. דעמאָלט, געדענק איך, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ לינקע חברטע, אַ

"פאַרברענטע" קאָמוניסטקע און געזאָגט, אַז עס איז נישט געמאָלט פּרץ זאָל אינזינען האָבן אַזאַ קלייניקייט. דאָס איז צו ענג פאַר פּרצן, ווי זי האָט דעמאָלט געזאָגט, "עס קען נישט זיין אַז פּרץ האָט געמיינט אַזאַ קליינע זאַך, עס איז צו שמאָל פאַר פּרצן". דער ענין "יידן" איז אַ צו קליינע, ענגע זאַך. יאָ, וואָס איז דאָ נויטיק צו פאַרנעמען זיך מיט אַ קליין אָרעם פאָלק, בעת די לופט אַרום איז אָנגעזאָפּט מיט דער שטרעבונג צו גלייכהייט און פרייהייט פאַר יעדן בשר־ודם, פאַר יעדן מענטש. עס האָט זיי געצויבערט די ברייטע לאַנדשאַפט פון דער גאַנצער מענטשהייט, פון דער וועלט־רעוואָלוציע, און עס איז נישט געמאָלט, אַז אַזאַ חשובער שרייבער ווי י. ל. פּרץ זאָל זיך באַגרענעצן צו אַזאַ קלייניקייט ווי דער גורל פון ידישן פאָלק.

דער טאַטע פלעגט פאַרבעטן די אַלע ידישיסטן און קאָמוניסטן כדי מיט זיי צו שמועסן, און עס איז געווען זייער איבטערעסאַנט זיך צוהערן צו די דאָזיקע געשפּרעכן. דער טאַטע פלעגט מיט די יוגנטלעכע שמועסן ווי גלייך מיט גלייך, צוזאַמען מיט זיי באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון דער וועלט און פּרווון דערביי זיי איבערצייגן, אַז דאָס העלפן דעם ידישן פאָלק איז נישט קיין "קליינע" זאַך, יידן האָבן די ווערט, אַז מען זאָל פאַר זיי ווידמען דאָס גאַנצע לעבן. ער פלעגט זאָגן: "איך פאַרשטיי, קינדער, איר ווילט משיח זאָל קומען. דאַרפט איר אָבער וויסן, אַז פריער וועט משיח קומען צו יידן. דאָס איז זיין ערשטע סטאַנציע, און פון דאַנען וועט ער ערשט אָוועק אויסלייזן די גאַנצע וועלט. העלפט אונדז דעריבער דערגרייכן קודם־כל די ערשטע סטאַנציע, קיין ציון, ווייל דאָרט איז אונדזער גאולה!".

ז.

דער טאַטע פלעגט אויפקלערן און באַטאָנען טאָג־און־נאַכט, אַן אויפהער, אַז דער וועג פון ייד איז קיין ציון, נאָר אַהין, און אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער וועג פאַר אונדז. אין דעם האָט ער געגלייבט באמונה שלימה און לויט דער אמונה האָט ער זיך נוהג געווען מיט אַלע מענטשן אין שטוב. אין דעם גייסט האָט ער דערצויגן זיינע זעקס טעכטער און זיין איינציקן זון. דאָס גרויסע און שיינע הויז פון הרב לוי שטערנבערג אין דאַמבראָווען איז אין דעם דריטן יאָרצענטליק פון דאָזיקן יאָרהונדערט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַנזיט־לאַגער אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. זיינע קינדער זענען עולה־געווען איינס נאָכן אַנדערן, לויט דער ריי און לויטן עלטער. בלויז זיין בת־זקונים האָט פאַרשפעטיקט עטלעכע יאָר, און זי איז אָנגעקומען אין לאַנד ערשט מיט די "מעפּילים" קיין קפריסין, נאָך שווערע וועג־וואַנדערונגען אין די רוסישע עקן. אַ געוויסע צייט, פאַרן אריינקומען פון די רוסן קיין בעסאַראַביע, האָט דער טאַטע באַקומען אַ סערטיפיקאַט. ער האָט פאַרקויפט זיין הויז, אפילו פאַרפאַקט די זאַכן, זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאַמבראָווען, אָבער ער האָט נישט באַוויזן. די רוסן האָבן אים אַרעסטירט און זיי האָבן אים פאַרשיקט אין וויסטעניש און דאָרט איז ער נפטר געוואָרן.

אין יאָר תרפ"ז (1927) האָט דער טאַטע באַזוכט ארץ־ישראל. ער האָט באַרייזט דאָס לאַנד, איינגעזאַפּט זיין גייסט און אַראָמאַט, געשעפּט דערמוטיקונג און אינספּיראַציע פאַרן המשך פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט, און באַזונדערס פאַר זיין געבענטשטער טעטיקייט לטובת דעם קרן היסוד. אין זיין בריוו צו לייב יפה ז"ל, דירעקטאָר פון קרן היסוד, געשריבן דעם 29טן דעצעמבער 1927, שרייבט דער טאַטע:

"איך האָב געזען ליכט און שאָטן, איך האָב געהערט ווערטער פון יאוש פון רעכטס און פון לינקס. דער גרויסער רוב איז אָבער פול מיט האָפענונג און גלויבט, אַז דער קריזיס וועט פאַרביי און די צוקונפט וועט זיין שיין און פרעכטיק. איך האָב גרויס האָפענונג, אַז סוף כל סוף וועלן מיר גובר זיין אַלע שטערונגען און מיר וועלן מנצח־זיין".

ער האָט געגלייבט אין דער ישועה פון זיין פאָלק, וואָס דערנענטערט זיך און קומט. ער האָט געגלייבט אין דער ליכט און געבענקט נאָך אַ וועלט פון כולו טוב. ער האָט געהאָפט צוריקצוקומען קיין ארץ־ישראל, זיך דאָ באַזעצן און לעבן מיט זיין פאָלק און זיין משפחה, וואָס איז שוין איינגאַנצן געווען אין לאַנד. דאָס איז געווען זיין גרויסער חלום. ער האָט אָבער דערצו נישט זוכה־געווען.

הדסה שטערנבערג

## די לעצטע טעג פון מיין טאַטן ז"ל

אין יוני 1940 זענען די רוסן אַריין אין בעסאַראַביע. אין איינעם אַ פאַרמיטאָג האָבן די רוסן געגעבן די רומענער אַן אולטימאַטום צו פאַרלאָזן דעם דאָזיקן לאַנד־טייל אין גע־ציילטע שעהען. אַכט שעה שפּעטער האָבן זיי אריינמאַרשירט און פאַרנומען גאַנץ בעסאַראַביע. די רומענישע באַאַמטע,

פּאָליציאַנטן און זעלנער זענען אין בהלה אַנטלאָפֿן פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך און פֿאַר דעם צוועק קאָנפֿיסקירט ביי די פּויערים אַלע קאָמוניקאַציע־מיטלען. כדי צו פֿאַרמיידן אַזעלכע קאָנפֿיסקאַציעס האָבן די פּויערים אויסבאַהאַלטן די וועגענער, פֿערד און אָקסן. צוליב דעם מאַנגל אין פֿאַרקער־מיטלען האָבן אַ סך ייִדן נישט געקענט אַנטלויפֿן. אַזוי אַרום זענען זיי לייכט געפֿאַלן אַ קרבן פֿון גרויסן אומגליק וואָס האָט זיך דערנאָך דאָרט אָפּגעשפּילט.

בלויז עטלעכע טעג פֿאַר דער רוסישער אָקופּאַציע האָט דער טאַטע באַקומען אַ סערטיפֿיקאַט קיין ארץ־ישראל. ער האָט שנעל פֿאַרקויפֿט דאָס הויז און אָנגעהויבן ליקווידירן אַלע ענינים. ער האָט אָבער נישט באַוויזן. אינעם טאָג ווען די רוסן האָבן געגעבן דעם אולטימאַטום זענען ייִדן אַנטלאָפֿן אינעם שכנותדיקן שטעטל מאַרקולעשט. דאָרט איז געווען אַ באַן־סטאַציע. ווען דער טאַטע וואָלט באַוויזן אַהין אָנצוקומען, וואָלט ער אפשר פֿון דאָרט געקענט פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. די וואָס זענען אַנטלאָפֿן זענען אָבער אַנטלאָפֿן צופֿוס. דער טאַטע, צוליב זיין שווערן פֿיזישן מצב, האָט אַזאַ וועג נישט געקענט דורכמאַכן צופֿוס, און איך האָב אים נישט געקענט איבערלאָזן. אַזוי זענען מיר געבליבן אין דאָמבראָווען, אינעם קלעם פֿון דער רוסישער אָקופּאַציע.

אין משך פֿון דער גאַנצער תקופֿה ווען די רומענער האָבן געהערשט אין בעסאַראַביע זענען אין אַלע שטעט און שטעט־לעך געווען טעטיק געהיימע קאָמוניסטישע קעמערלעך. אויך אין דאָמבראָווען איז געווען אַזאַ קעמערל. די רומענישע רעגירונג האָט נאָכגעשפּירט די טעטיקייט פֿון אָט די קע־מערלעך, אויסגעפֿונען די קאָמוניסטישע טוער, זיי געשטעלט לדין און אַרויפֿגעלייגט אויף זיי שווערע שטראָפֿן. די גאַנצע

צייט האָט דער טאַטע געהאָלפן די פאַרפאָלגטע, געשטיצט זיי און באַשיצט אויף פאַרשידענע וועגן. דאָס האָט ער געטאָן נישט ווייל ער האָט געהאַלטן מיט זיי, אָדער געהאַלטן פון זייערע מעשים נאָר ווייל ער האָט זיי קודם כל געזען אַלס יידן, מיטגלידער פון זיין קהילה. ווען די רוסן זענען אַריין קיין בעסאַראַביע זענען די אַלע קאָמוניסטן געוואָרן די הער־שער אויפן אָרט, ווייניקסטנס אין דער ערשטע צייט. כדי אַרויסצווייזן זייער טריישאַפט צו דער נייער מאַכט פלעגן זיי מסרן און איבערגעבן אין די הענט פון די רוסן יעדן איינעם וואָס איז לויט זיי געווען אַ קעגנער פון דער קאָמו־ניסטישער מאַכט. דער טאַטע איז געווען אַ רב, אַ "קלע־ריקאַל" ווי דאָס האָט געהייסן ביי זיי, און דערצו אַ באַ־קאַנטער ציוניסט, איז ער דעריבער אין די אויגן פון די קאָמוניסטן געווען אַ "געפערלעכער" מענטש. צוערשט האָבן די קאָמוניסטן ביי אונדז זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ צום טאַטן. קען זיין אַז אין די ערשטע טעג האָבן זיי נישט באַוויזן גובר צו זיין די אינערלעכע צוימונגען און האָבן אים נישט געטאָן קיין שלעכטס, צוליב זיין אויטאָריטעט און גרויסן איינפלוס וואָס ער האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן געהאַט אין שטעטל. קען זיין אויך, אַז זיי האָבן געדענקט אַז אַדאַנק אים איז נישט איינער פון זיי אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די הענט פון דער רומענישער געהיים־פּאָליציי. זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל דעקלאַרירן אַז ער רעזיגנירט פון כסא־הרבנות, ווייל דער אַמט פון אַ רב איז קעגן דער קאָמוניסטישער אַנשויונג און אין אַ קאָמוניסטישן רעזשים איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ אַמט. דער ענטפער פון טאַטן איז געווען, אַז ער איז נישט געוואָרן רב, ווייל די פריערדיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אים געמאַכט פאַר

אַ רב און דעריבער קען נישט די רעזשים־ענדערונג ענדערן זיין מעמד. "איך בין אַ רב — האָט ער געזאָגט — ווייל די ידן אין דער קהילה באַטראַכטן מיך ווי זייער רב, זיי פרעגן שאלות און קומען צו מיר מיט דין־תורהס. וויבאַלד זיי וועלן נישט קומען צו מיר, וועל איך במילא קיין רב נישט זיין". מען האָט אים פאַרגעלייגט ער זאָל אָנפירן מיט דער לאָקאַלער באַנק, אָנשטאָט צו זיין רב. איך ווייס נישט וואָס עס איז געוואָרן, ווייל אינצווישן האָב איך פאַרלאָזט דאָס שטעטל. איך ווייס בלויז אַז צוויי חדשים נאָך דער אָקופּאַציע איז דער טאַטע אַרעסטירט געוואָרן דורך די רוסן און איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין תפיסה קיין סאַראַקע.

ווען די רוסן זענען אַריין אין שטעטל האָבן זיי געראַבעוועט און געשלעפּט פון אַלע געשעפטן, אַרויסגענומען פון די הייזער דאָס גאַנצע עסן און שפּייזוואַרג וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. אַלץ איז ביי זיי געווען אַ מציאה. אפילו די רויטע קיכעלעך וואָס גוים פלעגן עסן ווען עס איז ביי זיי געווען אַ לוויה, האָבן זיי אויפגעגעסן. עס האָט לאַנג נישט גע־דויערט און דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן הונגערן. עס איז געווען קלאָר, אַז קיין הכנסה פון רבנות וועט נישט זיין און מיר וועלן דערפון נישט קענען לעבן. איך האָב דעריבער אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדער פּרנסה. די רוסן האָבן קורץ נאָכן אַריינמאַרשירן קיין דאָמבראָווען אָרגאַניזירט אַ קורצן קורס פאַר לערערינס פון די פאָלקסשולן אין די דערפער. אויף דעם קורס זענען אָנגענומען געוואָרן בלויז אַבסאָלווענטן פון אַ מיטלשולע. איך האָב זיך געווענדט און בין אָנגענומען געוואָרן. ווען דער טאַטע איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער תפיסה האָב איך גראָד געלערנט אויף דעם קורס אין סאַ־ראַקע. ווען איך האָב זיך דערוווּסט אַז מען האָט דעם טאַטן

אַרעסטירט בין איך שנעל אָועק אין תפיסה און אים געוואָלט זען. מען האָט מיך אָבער נישט דערלויבט. איך האָב געמוזט זיין שטאַרק פאָרזיכטיק ווייל בעת יעדן פּרווו צו באַגע־גענען זיך מיטן טאַטן האָט אויך מיר געדראָט אַ געפאַר אַרעסטירט צו ווערן אָדער ווייניקסטנס באַזייטיקט צו ווערן פון לערער־קורס. הונדערטער ידן און גויים פון די שכנות־דיקע דערפער זענען געקומען פאָדערן די באַפרייונג פון טאַטן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. לאַנגע שעהען זענען זיי געשטאַנען ביים טויער פון דער תפיסה, נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס אָרט, ביז אַ רוסישער אָפיציר האָט זיי געדראָט מיט שווערע שטראָפן.

נאָך עטלעכע וואָכן אַרעסט זענען באַשטימט געוואָרן די צייטן ווען מען קען די אַרעסטירטע באַזוכן. אויך איך בין געגאַנגען און זיך געזען מיט אים. דאָס איז געווען אַ מוראדיקע באַגעגעניש, וואָס איך וועל ביז מיין לעצטן טאָג נישט פאַרגעסן. דער טאַטע איז געשטאַנען אונטער די תפיסה־קראַטעס מיט אַן אָפּגעשניטענער באָרד, מיט שיך אָן שיך־בענדער, מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ. ער איז געשטאַנען, געקוקט אויף מיר און פון די אויגן זיינע האָבן געראונען טרערן. די שווערע תפיסה־באַדינגונגען האָבן אויף אים גע־האָט אַ שלעכטן איינפלוס. ער האָט געפילט אַז ער וועט שוין פון דאָרט נישט אַרויס. ער האָט אויף מיר רחמנות־געהאָט וואָס איך בלייב אַליין, איינזאַם, ווייל זיינע קינדער זענען דאָך שוין אַלע געווען אין ארץ־ישראל.

לאַנגע חדשים איז דער טאַטע געזעסן אין תפיסה איידער ער איז געבראַכט געוואָרן פאַרן געריכט אין סאַראַקע. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין פירן ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע. ער איז אַנערקענט געוואָרן פאַר שולדיק און איז פאַרמשפּט

געוואָרן אויף זעקס יאָר פאַרשיקונג קיין אוזבעקיסטאַן מיט אַ ספּעציעלער רעקאָמענדאַציע צו דערלויבן אים אַרבעטן אונטער אַ קאָנטראָל מחוץ דער תפיסה כדי צו פאַרדינען אויף ברויט. דאָס איז געווען אַ שטיקל פאַרלייכטערונג, ווייל די וואָס זענען פאַראורטיילט געוואָרן אויף זיצן אין תפיסה זענען פאַקטיש פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ פּאַמעלעכדיקן טויט. דער אורטייל האָט געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורכן געריכט פון דער מאָלדאַווענישער רעפּובליק אין קישעניעוו. מען האָט דעריבער דעם טאַטן מיט די אַקטן איבערגעשיקט קיין קי־שעניעוו. דאָרט האָט ער געהאַט אַ סך באַקאַנטע און פריינט און זיי האָבן, ווייזט אויס, באַמיט זיך צו באַווייזן זיין אומ־שולד אין געריכט. דער רעזולטאַט איז געווען אַז דאָס גע־ריכט פון דער רעפּובליק האָט אַנולירט דעם אורטייל פון קרייזגעריכט און פאַראָרדנט צו באַפרייען דעם טאַטן. פאַר דער באַפרייונג האָט אָבער דאָס העכסטע געריכט פון ראַטנפאַרבאַנד געדאַרפט באַשטעטיקן דעם אורטייל פון רעפּובליק־געריכט. דאָס זיך־אַרט פון העכסטן געריכט איז געווען מאָסקווע, זענען טאַקע אַלע אַקטן אַהין איבערגע־שיקט געוואָרן. דערווייל איז דער טאַטע צוריקגעשיקט געוואָרן אין תפיסה קיין סאָראָקע ער זאָל דאָרט וואַרטן ביז די אַקטן וועלן צוריקקומען פון מאָסקווע און דאַן... ערשט דאַן וועט ער באַפרייט ווערן. דאָס אַלץ האָב איך געהערט פון אַד־וואָקאַט צו וועלכן דער טאַטע האָט מיך געשיקט. דער אַד־וואָקאַט איז געווען זיכער אַז דער טאַטע וועט באַפרייט ווערן, און דערצו האָט ער געזאָגט, אַז מען דאַרף וואַרטן מיט געדולד ביז די אַקטן וועלן צוריקקומען. דערווייל אָבער, האָט ער מיר געזאָגט, איז גלייכער איך זאָל זאָרגן צו שאַפן פיר הונדערט רובל וואָס מען וועט דאַרפן באַצאָלן די מאַכט־

אָרגאַנען פאַרן "עסן און אויסהאַלט" וואָס דער טאַטע האָט באַקומען אין תפיסה די גאַנצע צייט פון זיין זיצן דאָרט. איך האָב זיך נאָכאַמאָל באַגעגנט מיטן טאַטן, דאַסמאָל איז ער געווען פיל רויקער. ער האָט טאַקע זייער שלעכט אויסגעזען, דאָס פּנים איז אים אָפּגעפאַלן, אָבער די דעפּרעסיע און פאַרצווייפלונג איז אַוועק פון זיינע אויגן. ער האָט געהאָפט אינגיכן באַפרייט צו ווערן און דעמאָלט וועט ער אָנהייבן זוכן אַ וועג צו די קינדער. ער האָט מיך געטרייסט, אַז אויב מיר וועלן קענען צוזאַמענקלייבן די פיר הונדערט רובל וועט אַלץ זיין גוט. דאָס איז געווען אַן ערך צוויי חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה מיט די דייטשן. די גאַנצע צייט איז ער געזעסן אין תפיסה און געוואַרט אויף די אַקטן, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! די מלחמה איז אויסגעבראָכן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אריינגיין קיין בעסאַראַביע. יידן — מענער, פרויען און קינדער — האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן, זענען אַריבער דעם דניעסטער און האָבן זיך צעשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד. איך בין דעמאָלט געווען אַ לערערין אין איינע פון די דערפער אין דער געגנט, בין איך שנעל געלאָפן צו דער תפיסה אין סאָראָקע. איך האָב געוואָלט זיין נאָענט צום טאַטן. איך האָב געוואָלט, אַז באַלד ווי ער וועט באַפרייט ווערן זאָלן מיר צוזאַמען אַוועקפאָרן אין איין אָרט. ווען איך בין אָנגעקומען צו דער תפיסה, האָב איך זי געפונען אָפן, צעפראַלט, נישט געווען דאָרט קיין לעבעדיק נפש. אויף דער ערד זענען געליגן די קערפּערס פון די אַרעסטירטע וואָס זענען — ווי מען האָט מיר געזאָגט — דערשאָסן געוואָרן איידער די רוסן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. איך האָב אויפגעציטערט. איך האָב אָנגעהויבן אויספרעגן זיך ביי עמיצער ווייסט וואָהין האָט מען די

אַרעסטאַנטן אַרויסגעפירט. קיינער האָט מיר אָבער גאָרנישט געקענט זאָגן. עמיצער וואָס איז דאָרט גראָד אָנגעקומען האָט מסכים־געווען מיט מיר צו זוכן צווישן די טויטע קערפּערס. איך האָב געזוכט, אָבער איך האָב נישט געקאָנט דערקענען קיין שום מענטש.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער טאַטע איז צוזאַמען מיט נאָך אַרעסטאַנטן אַוועק אין אַ טראַנספּאָרט קיין אוזבעקיסטאַן. איך האָב באַשלאָסן אים נאָכפאָרן. איך האָב צוזאַמענגעקליבן אַ פּעקל מלבושים און צוזאַמען מיט פּערל דיין פון אונדזער שטעטל האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע פּליטים וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט פאָרן טיף קיין רוסלאַנד. מיר זענען געפאָרן אין אַ וואָגן איינגעשפּאַנט אין צוויי אָקסן. דער פורמאַן איז געווען דער באַלעגאָלע יעקב בודמאַן, אַ משכיל און לינקער, טאָקע פון אונדזער שטעטל דאָמבראָווען. אָט דער "אידעאַליסט" ווי אַלע האָבן אים געהאַלטן, האָט אונדז איבעראַשט מיט זיין אכזריות אין אַ צייט פון נויט. פּלוצים, אינמיטן וועג, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און פאַרלאַנגט פון מיר און פון פּערל דיין מיר זאָלן אים געבן געלט. ווען מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט האָט ער אַראָפּגעוואָרפן אונדזערע פּעקלעך און אונדז געהייסן אַראָפּ פונעם וואָגן. מיר זענען אַראָפּ און געבליבן צוויי יונגע מיידלעך אַליין אין מיטן פעלד. שיסערייען און באַמבאַרדירונגען האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן, הינטער אונדז און פאַר אונדז. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. מיר זענען געווען אומגליקלעך. פּלוצים האָט זיך געהערט אַ געפּייף פון אַ באַן וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט. די באַן האָט געוואַרט די באַמבאַרדירונגען זאָלן זיך אָפּשטעלן. מיר זענען גיך גע־

לאָפּן אין דער ריכטונג פון דער באַן. דעם קאָנטראָלער האָב איך געוויזן מיין ביכל פון פּראָפּ׳־פּאַריין וואָס איך האָב צום גליק געהאַט מיט זיך, און ער האָט מיר אַרויפגעלאָזט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען די לעצטע באַן וואָס האָט באַוויזן אַרויס פון אַדעס טיף קיין רוסלאַנד. אַזוי זענען מיר ניצול־געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. דאַכט זיך אַז פון דעם וואָגן מיט די אָקסן איז קיין איינער נישט אַרויס מיטן לעבן פון דאַזיקן גיהנום...

נאָך וואַנדערונגען און צרות אַן אַ סוף בין איך אָנגעקומען קיין סאַראַטאָוו. פון דאָרט בין איך אַרויסגעפאָרן קיין אוז־בעקיסטאַן. איך זאָג "אָנגעקומען", "אַרויסגעפאָרן". אַ ציטער גייט מיר דורך אַלע ביינער ווען איך דערמאָן זיך יעדע רגע פון יענער נסיעה. אין אוזבעקיסטאַן האָב איך זיך געווענדט צום אינפאָרם־ביוראָ וואָס האָט קאָנצענטרירט ידיעות וועגן די פּליטים. וועגן טאַטן האָבן זיי גאָרנישט געוווּסט. איך האָב ביי זיי איבערגעלאָזט מיין אַדרעס זייענדיק זיכער, אַז דער טאַטע וועט מיך זיכער זוכן און אויך ער וועט זיך מסתמא ווענדן צום דאַזיקן ביוראָ. אַזוי איז טאַקע געווען. פון דאַזיקן אַמט האָט ער באַקומען מיין אַדרעס און ער האָט מיר געשיקט אַ קאַרטל. זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך כסדר דורכגעשריבן. אַ שאָד וואָס די אַלע בריוו זענען פאַרלוירן געגאַנגען ווען איך בין געפאָרן מיט דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל. איך געדענק אַז ער האָט מיר געשריבן, אַז ער איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ תפיסה אין אוז־בעקיסטאַן און מ׳האָט אים דאָרט געהאַלטן אין שרעקלעכע באַדינגונגען, אַזוי אין משך פון אַ סך חדשים. ער איז געוואָרן קראַנק. פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואַכער, ביז ער איז באַפרייט געוואָרן און מען האָט אים געשיקט קיין אורגענץ

אויף יענער זייט קאַספּישן ים. דאָרט איז ער געווען אויף דער פריי און געאַרבעט אין עפּעס אַ ביוראָ. איך האָב אָנגעהויבן זיך פאַראינטערעסירן אים אַראָפּצוברענגען צו מיר, אָבער אינצווישן האָב איך באַקומען אַ ידיעה אַז ער איז נפטר־געוואָרן און אַז זיינע פריינט האָבן אים געבראַכט צו קבר־ישראל און אפילו אויפגעשטעלט אַ מצבה. ער איז אַלט געווען 63 יאָר. קורץ נאָך דער מיטטיילונג פון זיין טויט האָב איך באַקומען אַ קליין פּעקל מיט אַלטע מלבושים. דאָס זענען געווען די מלבושים מיט וועלכע ער האָט איינגעהילט זיין געפּייניקטן גוף אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט.

ווען איך זיץ און פאַרצייכן דידאָזיקע עדות, ציטערן מיינע הענט פון צער און ווייטיק. ווי אויפטרייסלענדיק איז דער חושך מיט וועלכן עס האָט זיך פאַרענדיקט אַזאַ ווונדערלעך ליכטיק־שטראַלענדיק לעבן...

# זכרונות פון דער אלטער היים

לייב קופערמאַן ז״ל *

## העלדישע מעשים

די מענטשן פון דאַמבראָווען האָבן געהאַט אַ שם פון גי־בורים. דער רוב שטעטלעך אין בעסאַראַביע זענען געווען אַרומגערינגלט מיט גויישע דערפער. אין אַ מאַרק־טאָג פלעגן קומען די פויערים כדי צו קויפן און פאַרקויפן. די גויים און די גויות, שקאָצים און שיקסעס, האָבן אויך געאַרבעט אין די הייזער און אויף די פעלדער פון יידישע באַלעבאַטים. לכאורה האָבן געהערשט צווישן זיי פריינטשאַפטלעכע באַציונגען. אין דער טיף, אין די נשמות פון די נישט־יידן, האָט אָבער גע־ברענט אַ פייער פון קנאה און שנאה. נישט איינמאָל האָבן מיר געהערט וועגן אַ דערהרגעטן יידן ועלכן מען האָט גע־פונען אויף די וועגן. זייער אָפט האָבן די גויים דורכגעפירט

---

* דער מחבר האָט דעם כתב־יד איבערגעגעבן קורץ פאַר זיין פטירה, איידער מיר האָבן דעם מאַטעריאַל אָפגעגעבן אין דרוק. זאָל זיין געבענטשט זיין אָנדענק!

פּאַגראָמען אין דעם אָדער יענעם שטעטל. אין אונדזער קאַלאַניע האָבן אָבער די כּוליגאַנעס נישט געוואַגט אַריינצו־קומען. אין דאַמבראָוועז איז טעטיק געווען אַ זעלבשוץ וואָס איז באַשטאַנען פון דרייסיק מיטגלידער, רייטערס אויף פערד, וואָס פלעגן כּסדר אַרומקרייזן אַרום שטעטל און אָפּהיטן די יידן מיט זייער האָב און גוטס.

אָבער נישט בלויז די גוטע שמירה האָט אָפּגעשראָקן די כוליגאַנעס. די העלדישע מעשים פון יידן אין דאַמבראָוועז האָבן אַרומגעקרייזט ווי אַ לעגענדע און די אַלטע פויערים אין דער סביבה האָבן דאָס דערציילט זייערע קינדער און קינדס־קינדער, זיי געוואָרנט נישט אָנצוהייבן מיט די יידן אין דער קאַלאַניע.

און מעשה שהיה כך היה: אַ רוסישע מיליטערישע אָפּטייל־לונג פון 32 סאָלדאַטן איז אַמאָל פאַרבייגעפאָרן דאָס שטעטל אויפן וועג פון סאַראַקע קיין בעלץ און באַשלאָסן אָפּצורוען זיך אויפן מאַרק. זיי האָבן אַראָפּגענומען די ביקסן פון אַקסל, זיי אויפגעשטעלט אין דרייעקן, די דרייעקן אויסגעשטעלט אין אַ קרייז, און אַרום דעם קרייז — די פערד. פיר פון די זעלנער זענען אָועקגעשטעלט געוואָרן אויף שמירה, און די רעשט זענען אַריין אין דער קרעטשמע עסן, און דער עיקר טרינקען שנאַפּס. אויפן וועג האָט זיך איינעם פון די זעלנער פאַרשמעקט אַריינצוגיין אין אַ קראָם איינצוקויפן טאַבאַק. ער האָט געבעטן אַ האַלבן פונט געשניטענעם טאַבאַק, וואָס מען האָט דעמאָלט נישט געטאָרט פאַרקויפן. דער זעלנער האָט גענומען דעם טאַבאַק און נישט געוואָלט באַצאָלן פאַר דעם, זייענדיק זיכער, אַז דער ייד וועט מורא־האָבן זיך דערויף צו באַקלאָגן ביי דער מאַכט. דער ייד האָט זיך אָבער נישט אָפּ־געשראָקן און געפאָדערט צוריק די סחורה, אָדער ער זאָל

באַצאָלן דעם פולן פּרייז. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגע־ניש, צוהערשט שטיל און וואָסאַמאָל אַלץ העכער, ביז עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. באַלד זענען אָנגעלאָפן אַלע אַנדערע סאָלדאַטן פון דער קרעטשמע, צוהילף זייער חבר, און האָבן אָנגעהויבן ברעכן שויבן ביי יידן, אין די קראָמען און אין די הייזער. אָבער נישט ביי דאָמבראָווענער יידן. באַלד האָבן יידן געבילדעט צוויי גרופּעס. איין גרופּע האָט אַרומגערינגלט דאָס געווער מיט די פערד און אַהין נישט צוגעלאָזט די סאָלדאַטן, און די צווייטע מחנה האָט אָנגעהויבן אָנגרייפן די נישט־באַוואָפנטע זעלנער און אין זיי אַריינגעציילט איינס נאָך איינס, געזונטע קלעפּ, ביז זיי האָבן זיך אונטער־געגעבן און "באַרויקט". היינט שטעלט אייך פאָר דאָס פּרעכטיקע בילד: רוסישע זעלנער, צווישן זיי עטלעכע אָפי־צירן, שטייען און בעטן זיך ביי די יידישע פּויערים מען זאָל זיי צוריקגעבן די פערד און דאָס געווער, און מען זאָל זיי לאָזן פאַרזעצן זייער וועג. לבסוף האָבן די גיבורים פון דאָמבראָווען אָנטקעגנגעקומען די זעלנער מיט איין תנאי, אַז דאָס געווער מיט די פערד זאָלן צוריקגעגעבן ווערן די זעלנער מחוץ דער שטאָט. און אַזוי איז געווען. די יידן האָבן די פערד אַרויסגעפירט אויסער דער שטאָט און אפילו גע־האָלפן די מידע, צעשלאָגענע זעלנער זיך אַרויפזעצן און אָפּפאָרן. מידע און פאַרמאַטערטע, מיט אָנגעהאַקטע ביינער, האָבן די זעלנער קוים זיך דערשלעפּט ביז בעלץ און דאָרט פאַר אַלעמען דערציילט זייער חרפּה, אַז די יידן פון דאָמב־ראָווען האָבן זיי באַפאַלן און זיי געשלאָגן מכות רצח...

צומאַרגנס איז קיין דאָמבראָווען אָנגעקומען אַ מיליטערישע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. תחילת האָבן די צעשראָקענע יידן טאַקע מורא־געהאַט אַז די קאָמיסיע וועט זיך אָפּרעכענען

מיטן שטעטל און עטלעכע ייִדן וועלן שוין פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. גאַר גיך האָבן זיי אָבער באַשלאָסן נישט צו לאָזן זיך. דרייסטע האָבן זיי זיך געשטעלט פאַר דער קאָמיסיע און אויפגעקלערט, אַז די זעלנער האָבן זיך גוט אָנגעשיכּורט און דורכגעפירט אַ פּאָגראָם אויף די ייִדישע לאַנדווירטן וואָס האָבן באַקומען ערד פון זיין מאַיעסטעט דעם צאַר אַליין. די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין דאָמבראָווען, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער פאַראָרדענונג פון צאַר פּאַוועל דער זון פון צאַר אַלעקסאַנדער ראָמאַנאָוו, דער זיידע פון ניקאָליי ראָמאַנאָוו. ער האָט זיי געגעבן די ערד, האָט זיי געליפערט אַקעראייזנס און אַנדערע אַרבעטס־מכשירים און אפילו צוגעטיילט קליינע הלוואות צו אַנטוויקלען זייערע ווירטשאַפטן. די פּויערים האָבן באַצאָלט דעם צאַר אַ יערלעכן שטייער און האָבן זיך פאַרעכנט צו זיינע אונטערטאַנען. ווי בירגער פון צאַר האָבן די זעלנער זיי גאָרנישט געקענט טאָן. אַזוי האָבן די ייִדן געטענהעט,און די קאָמיסיע האָט דאָס אַלץ פאַרפראָטאָקאָלירט און איז אַוועק פון שטעטל.

פּיר וואָכן שפּעטער איז אָנגעקומען אַ גענעראַל פון פּעטערבורג מיט אַ גרופּע הויכע אָפיצירן. ער האָט באַפוילן, אַז אַלע איינוווינער, פרויען און קינדער, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן פּלאַץ. ווען דאָס איז געשען, האָט ער זיי אָנגעהויבן צו זאָגן מוסר: סטייטש, וויאַזוי האָט איר געוואָגט צו באַפאַלן דעם צאַרס זעלנער? — לסוף האָט ער פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: איך מוז מודה־זיין אַז איר האָט אַרויסגעוויזן מוט און דרייסטקייט וואָס פאַרדינט אַ שבח. איר האָט העלדיש פאַרטיידיקט זיך און צעשלאָגן 32 זעלנער. דאָס איז אַ טאַט וואָס פאַרדינט אָנערקענונג, און דעריבער זענט איר

באַפרייט פון שטייער פאַרן צאַר אויף אַ צייט פון פינף און צוואַנציק יאָר...

לייכט זיך פאָרצושטעלן די פרייד אין שטעטל ווען אַלע האָבן דאָס געהערט פון מויל פון גענעראַל אַליין. ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך די נעמען פון צוויי פון יענע העלדן — דאָס איז געווען דער זיידע פון יצחק בוטניק און דער פאָטער פון אויגן־דאָקטער פון דער משפחה יוקל. דידאָזיקע מעשה איז באַקאַנט געוואָרן אינעם גאַנצן קרייז און אויך אין אַנדערע ווייטע קרייזן אַזוי, אַז אַלע גויים אומעטום האָבן זינט דעמאָלט געוווּסט, אַז עס איז אַ געפאַר אָנצוהייבן מיט די יידן אין דאָמבראָוועז, און יעדער וואָס הייבט מיט זיי אָן, האָט אַ שוואַרצן סוף.

אַ צווייטער גבורה־פאַל איז פאַרבונדן מיטן זון פון אויגן־דאָקטער יוקל. זיין נאָמען איז געווען הערשל. הערשל האָט זיך געהאַט פאַרנומען מיט שנידן טאַבאַק, אַ זאַך וואָס איז, ווי שוין אויבן דערמאָנט, געווען פאַרבאָטן דורך דער מאַכט. איינמאָל ביינאַכט איז פּלוצים אַריינגעפאַלן צו אים אין הויז דער אינספעקטאָר און געטראָפן אים אין סאַמע מיטן פון דער פאַרבאָטענער מלאכה. האָט דער גוי גענומען די בייטש און געקלאַפּט איבער הערשלס קאָפּ. הערשל האָט לאַנג נישט געטראַכט און אַ כאַפּ געטאָן דעם אינספעקטאָר, אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער, און פשוט און פּראָסט אים אַרויסגעוואָרפן אויף יענער זייט פּלויט. אינדרויסן איז געווען אַ בייזע קעלט, אָבער דער גוי, מחמת די קלעפּ, האָט פון אָרט זיך נישט געקענט רירן. ער איז דאָרט געליגן אַ גאַנצע נאַכט. ערשט צומאָרגנס האָט ער זיך קוים דערשלעפּט אַהיים, ער האָט זיך פאַרקילט און איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, אַז קיין וואָרט פון מויל האָט ער נישט געקענט אַרויסרעדן.

דער אינספעקטאָר איז געווען אַן אַנגעזעענער באַאַמטער, מיט אַ קאַרעטע וואָס איז געשטאַנען צו זיין דיספּאָזיציע און אַ ספּעציעלער רייטער האָט אַנגעטריבן מיט זיינע פערד. דאָס־מאָל איז ער אָבער געקומען אַליין צו הערשלען אין שטוב אַריין, ווייל ער האָט געוואָלט דעם טאַבאַק קאָנפיסקירן, קיינער זאָל נישט זעען און אַזוי אַרום דעם טאַבאַק צונעמען פאַר זיך. אָבער אַנשטאָט טאַבאַק האָט ער אַריינגעכאַפּט די אמתע קלעפּ. די מעשה האָב איך געהערט ווען איך בין אַלט־געווען אפשר צען יאָר, און דער וואָס האָט דאָס דער־ציילט האָט צוגעגעבן אַז דער זיידע פון דאָזיקן הערשל איז געווען צווישן די גיבורים וואָס האָבן געהאַט צעשלאָגן די צאַרישע סאָלדאַטן. אַזוי גייט איבער גבורה פון זיידע צום אייניקל — דאָס איז אַ ירושה־זאַך...

אונדזער שטעטל האָט געהאַט גרויס מזל צו רבנים. זיי זענען געווען גרויס אין תורה, בעלי־מידות טובות און האָבן ליב־געהאַט מענטשן. איך האָב געקענט אונדזער רב, משהלע שטערנבערג, אַ ייד אַ תלמיד־חכם וואָס האָט געשמט אין אַלע שטעט פון בעסאַראַביע און רוסלאַנד, ווי אַ רב און בורר. איך געדענק אַ פאַל ווי צווישן צוויי רייכע יידן פון קיעוו, ביידע עקשנים, איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער און קאָמפּלי־צירטער קאָנפליקט אין געלט־ענינים. לאַנגע יאָרן האָבן זיי זיך געלאָדן אין גויישע געריכטן. עס האָט אַלץ נישט גע־נומען קיין עק, ביז זיי האָבן באַשלאָסן דעם ענין אָפּצוגעבן פאַרן רב, הרב ר׳ משהלע שטערנבערג, ער זאָל אַנטשיידן. דער רב איז ספּעציעל געפאָרן קיין קיעוו, אויסגעהערט די טענות פון די צדדים און אַרויסגעגעבן אַ פּסק־דין. ביידע צדדים האָבן זיך געפרייט וואָס דער קאָנפליקט האָט זיך געענדיקט און האָבן געמאַכט שלום. אויך די גויישע ריכטער

האָבן געהערט וואָס דער רב האָט געפּסקנט, און שטאַרק געלויבט דעם רבס חכמה. אַלע האָבן גערעדט וועגן דעם און די יידן אין דאָמבראָווען האָבן געשעפּט נחת.

ר׳ משהלע האָט געהאַט זעקס זין און דריי טעכטער. די דריי עלצטע זין זענען געווען רבנים. דער בכור ר׳ אייזיק, איז געווען רב אין מאָהיליעוו, דער צווייטער, ר׳ שלמה, איז געווען רב אין ליפּאָוויץ און דערנאָך אין קיעוו, און דער דריטער ר׳ לוי, האָט געירשנט דאָס כסא־הרבנות און געווען רב אין דאָמבראָווען און דאָס גאַנצע לעבן זיינס געווידמעט זיינע בני־עיר, דאָס בעסאַראַבישע יידנטום און ארץ־ישראל.

ר׳ משהלע האָט געהאַט אַ סך זין און ווייניקער טעכטער. זיין זון, ר׳ לוי, האָט געהאַט אַ סך טעכטער און ווייניק זין, אייגנטלעך בלויז אַ בן־יחיד האָט ער געהאַט. איך בין געווען אַ בן־בית ביי הרב לוי שטערנבערג און האָב אים שטאַרק ליב געהאַט צוליב זיין תורה, חכמה און פיינעם הומאָר. איך געדענק, אַז ווען עס איז ביי אים געבוירן געוואָרן זיין בת־זקונים האָט ער עולה־לתורה־געווען, מען האָט אים גע־מאַכט אַ ״מי שברך״ און ער האָט די טאָכטער אַ נאָמען געגעבן הדסה. ווען די מתפּללים האָבן אים געפרעגט הלמאַי ער גיט זיין טאָכטער בלויז איין נאָמען, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: איך דאַרף איבערלאָזן אַ נאָמען פאַר דער קומענדיקער טאָכטער...

גרויס איז געווען די זאָרג פון הרב ר׳ לוי פאַר די באַ־דערפעענישן פון דער שטאָט מיט אירע איינוואוינער. ער האָט געזאָרגט פאַר די בתי־כנסת, פאַר דער שולע, פאַר דער באַנק, ביבליאָטעק און אפילו פאַר דער באָד. אַ בית־מרחץ אין אַ יידישער קהילה איז פון באַזונדער באַדייטונג, אַ ריינער גוף איז דאָך אַ סגולה פאַר אַ ריינער נשמה. אונדזער באָד האָט

אָבער תמיד ״גערונען״. ווו נעמט מען אָבער געלט? פלעגט דער רב איינזאַמלען די רייכע באַלעבאַטים, זיי אויפקלערן ווי גרויס עס איז די מצווה פון טהרת המשפחה און טהרת הגוף ווי אַ תנאי פאַר טהרת הנשמה און זיין מונטערן צו שפענדן לטובת דעם דאָזיקן הייליקן צוועק. איך בין אַמאָל געווען ביי אַזאַ מעמד און געדענק וויאַזוי ער האָט זיין דרשה פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: ״רבותי, איך קען אייך און ווייס אַז איר זענט אַלע חכמים, אַלע קלוגע און פאַרשטאַנדיקע, אָבער דאָס מאָל לאָזט דעם רב אייך פירן אין באָד אַריין...״

אונדזער שטעטל האָט געהאַט אַ זכות און נחום סאָקאָלאָוו איז אַמאָל ביי אונדז געווען צו גאַסט. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט באַזוכט דעם רב אין זיין הויז. לכבוד דעם גאַסט האָט מען צוגעגרייט אַ גרויסע סעודה כיד בעסאַראַביע, ביי וועלכער מען האָט אויך דערלאַנגט מאַמעליגע מיט פוטער און קעז ווי דער שטייגער ביי אונדז. אויך איך האָב געהאַט די זכיה צו זיצן ביים טיש און עסן מיטן חשובן גאַסט, צוזאַמען מיט די אַלע ציוניסטן פון שטעטל ווי בערעלע דימיטשטיין, אברהמל אַקסנפעלד, שלום עלגורט, לייב ברייטמאַן, אהרון זיגלבוים א.א. די פנימער ביי אַלע אַנוועזנדיקע האָבן געשטראַלט פון שמחה ווען סאָקאָלאָוו האָט באַמערקט אַז אים דאַכט זיך, אַז ער געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון טעאָדאָר הערצלען, צוליב דעם גרויסן דמיון צווישן דעם אויסזען פון רב, ר׳ לוי שטערנבערג און דעם פאָטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. בעיני ראיתי — איך האָב דאָס אַליין געזען און געהערט.

בערעלע דימיטשטיין, וועמען איך האָב פריער דערמאַנט, איז געווען דער זון פון קישעניעווער ראש־ישיבה. ער איז

געווען אַ יודע־ספר, מקורב צום רב ר׳ משהלע און דערנאָך אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון ר׳ לוי. ער האָט ווי זיין באַשעפטיקונג אויסגעקליבן לאַנדווירטשאַפט. ער האָט פאַר־מאָגט אַ סך פעלדער, גאָרטנס, בינענשטאָקן. צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין, מאיר און ברוך, האָט ער געאַרבעט יומם ולילה, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. ער האָט קולטי־ווירט שיינע סעדער און זעלטענעם בינען־האָניג. זיין פראָ־דוקציע איז געפאַקט געוואָרן אין ספּעציעלע פּאַקונגען וואָס זענען צעשיקט געוואָרן אין די רוסישע שטעט, אויף אויס־שטעלונגען און צום פאַרקויף. די שווערסטע אַרבעט האָבן זיי אויסגעפירט מיט די אייגענע הענט, אין פעלד, אין גאָרטן, אין שטוב, און דערביי זענען זיי תמיד געווען פריילעך און מונטער, וויציק און שפּיציק.

איך געדענק אַ מעשה שהיה. איינמאָל ערב פסח איז געקומען אַ גוי אין שטעטל מיט אַ וואָגן פול מיט הינער. היות ווי ער האָט געוווּסט אַז עס איז ערב יום־טוב האָט ער איבערגעטריבן מיטן פרייז וואָס ער האָט געבעטן פאַר זיין סחורה. די ווייבער זענען געווען צעמישט. אָט איז באַלד יום־טוב, די הינער זענען גוטע, פיינע, אָבער די גויים ווילן פאַר דער סחורה צופיל געלט. גראָד איז אָנגעקומען אין מאַרק ר׳ בערעלע און זעענדיק ווי די ווייבער זענען פאַר־זאָרגט האָט ער זיך אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן דער סיבה. לסוף האָט ער זיך אָנגערופן צו די אַרומשטייענדיקע: ״איך האָב אַן עצה. איר אַלע שווייגט און פאַרלאָזט זיך אויף מיר. קוקט וואָס איך טו, און טוט אַלץ ווי איך״. האָבן אַלע געשוויגן און געוואַרט. בערעלע איז צוגעגאַנגען צום וואָגן, אַ טאַפּ געטאָן דאָ און דאָרט ביז מיטאַמאָל האָט ער אַ שמעק געטאָן און פאַרדרייט די נאָז: ״וואָס איז דאָס?״ — האָט

ער מיטאַמאָל זיך אָנגערופן — "עס שטינקט דאָך פון זיי, די הינער זענען ווייזט אויס געווען נאָענט צו אַ טכויער. מען טאָר זיי נישט עסן!". דערהערנדיק דאָס, האָבן אויך די ווייבער אָנגעהויבן פאַרדרייען די נעזער און אָנגעהויבן אַוועקגיין. דער פויער האָט זיך דערשראָקן און אַראָפּגעלאָזט פון פרייז, אַבי פּטור צו ווערן פון דער סחורה...

אין שכנות מיט מיר האָט געוווינט אַ ייד מיטן נאָמען יאַנקעלע אקסנפעלד. אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, אַ תּלמיד־חכם, איינער פון די צוועלף איינגעשוווירענע אינעם קרייז־געריכט. מענטשן האָבן אים גערופן יאַנקעלע "מאַלאַ־שאַג". עס הייסט אין רוסיש — אַ קליינער טריט, דאָס מיינט, ער גייט לאַנגזאַם. יאַנקעלע פלעגט טאָקע שטעלן פּאַמעלעכדיקע טריט, טריט ביי טריט, ווי ער וואָלט זיי געציילט. טרעפט אַן אַלטן, טרעפט אַ יונגן, באַגעגנט אַ קינד, שטעלט ער זיך אָפּ, פרעגט זיך אויס, זאָגט אַ וויץ, דערציילט אַ מעשה. אין עלטער פון זיבעציק יאָר האָט ער חתונה־געהאַט מיטן דריטן ווייב. אַז מ׳פלעגט אים פרעגן: "ר׳ יאַנקעלע, ווי געפעלט אייך אייער ווייב?" פלעגט ער ענטפערן מיט אַ שמייכל: "עס זאָל פון איר קיין ערגערס נישט זיין!".

איינמאָל איז ר׳ יאַנקעלע נאָכגעגאַנגען אַ לוויה פון אַן אַלטן מאַן. ווען זיין שכן אַ באַלעגאָלע האָט אים דערזען, האָט ער זיך צו אים אָנגערופן: "ר׳ יאַנקעלע, גרייט זיך צו. נאָך אַביסל און איר וועט אויך גיין דעם טאַנץ". ר׳ יאַנקעלע האָט זיך צו אים אויסגעדרייט, און מיט דער רויקייט פון אַ זקן אים געענטפערט: "גרייט איר זיך צו צום טאַנץ, איך האָב דערצו קיין כוח נישט".

פיל זענען געווען די טיפּן אין אונדזער שטעטל. פּאַקטיש איז יעדער איינער געווען אַ טיפּ פאַר זיך. עס איז גאָרנישט

מעגלעך צו דערציילן וועגן יעדן איינעם. בלויז וועגן נאָך צוויי, וואָס איך דערמאָן זיך, וויל איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

איינער פון זיי איז ר' מאיר וויינבערג ז"ל. אַ שוויגער וואָס כל־ימיו איז ער געווען פאַרנומען אין דער אַרבעט אין פעלד און ווירטשאַפט. זעלטן האָט מען אים געזען אַרומגיין פּוסט און פּאַסט. נאָך זעלטענער האָט מען אים געזען אין מאַרק. ער האָט געהאַט פיר זין און דריי טעכטער — אַלע געלערנט, אַלע זייער אַרבעטסזאַמע. איינער פון זיינע זין לעבט דאָ אין לאַנד. דאָס איז דער אַגראָנאָם זאב כרמי, אַ מומחה אויף טאַבאַק, וואָס אַרבעט אינעם רעגירונגס־דינסט ביי דעם פאַך. אַ פאַרמעגלעכע משפחה געווען, אַ היבש פאַרמעגן געהאַט, פעלדער, וועלדער.

דער צווייטער איז געווען ר' יהושע יאַנקל לעווענטאַל. ווי אַזוי איז עס מעגלעך נישט צו דערמאָנען דעם דאָזיקן ליטווישן ייד ? פון פאַך — אַ פריזירער, אָבער אויך אַ רופא און פעלדשער. אויף אַ וווּנדערלעכן אופן פלעגט ער אויס־היילן אַלע חולאתן, באַזונדערס דורך באַנקעס און פּיאַווקעס. צוויי זין האָט ער געהאַט וואָס האָבן אויסגעלערנט ביי זייער טאַטן בײדע מלאכות — יעדער האָט אָבער ביי אים גענומען בלויז איין מלאכה: מאיר־משה איז געוואָרן אַ רופא און אברהם־יצחק — אַ שערער. אַזוי אַרום איז נישט איבערגע־ריסן געוואָרן די קייט...

*

איך האָב אָנגעהויבן מיט גבורה און לאָמיר ענדיקן מיט גבורה.

אין יאָר 1919 האָבן די רומענער אָנעקסירט בעסאַראַביע צוויי יאָר שפּעטער האָט די רעגירונג קאָנפיסקירט דעם באַד

פון די ערד־באַזיצער וואָס האָבן פאַרמאָגט מער ווי דעם קאָנטיגענט פון הונדערט העקטאַר, און דעם קאָנפיסקירטן באָדן האָבן זיי צעטיילט צווישן די פויערים. אין שכנות פון דאָמבראָווען האָט זיך געפונען אַ גרויסער שטח פעלד, וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי די ערד־באַזיצערס. יידן וואָס זענען געווען ערד־אַרבעטער האָבן אויך געהאַט רעכט צו נעמען באָדן לויט זייער באַדאַרף. מען האָט בלויז מורא־געהאַט וואָס עס וועלן זאָגן די גויים אין דער סביבה. נאָך אַביסל אָפּוואַרטן האָבן די פויערים פון דאָמבראָווען זיך אָנגענומען מיט מוט און געוואַגט. אין איינעם אַ שיינעם טאָג זענען אַכציק יידישע לאַנדווירטן אַרויס מיט זייערע אַקער־אייזנס און אָנגעהויבן באַאַרבעטן עטלעכע הונדערט העקטאַר. צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג האָבן די גויים נישט געוואָגט צו שטערן. פאַרקערט — זיי זענען געווען פול מיט התפעלות צוליב דער דרייסטקייט פון ווייניק יידן צו טאָן עפּעס קעגן אַזוי פיל גויים פון דער געגנט. געווען אפילו אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט: „אַז יידן האָבן חשק צו ערד, איז אַ סימן אויף בעסערע צייטן". עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, די ערשטע איבעראַשונג איז אַדורך און גויים האָבן אָנגעהויבן טענהן אַז יידן באַרויבן זיי פון זייער ערד. עס איז אָבער שוין געווען צו שפּעט, יידן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן צעטיילט צווישן זיך דעם שטח, אים פאַראַקערט און פאַרזייט. אַלע איינוווינער, חוץ קרעמער און באַלמעלאָכעס, יעדער איינער, האָט באַקומען אַ חלק און נחלה פון אָט דער ערד, צו פיר מיט אַ האַלבן העקטאַר יעדער. איך האָב אַזאַ נחלה נישט באַקומען, ווייל מ'האָט מיך פאַררעכנט אַלס אַ קרעמער. איך האָב געהאַט אַ שניט־קראָם, משטיינסגעזאָגט, וואָס איין פרוי האָט עס איינגאַנצן געקענט נעמען מיטאָמאָל

אונטערן אָרעם און קיינער וואָלט נישט געוווסט וואָס זי טראָגט מיט זיך. איך בין אָבער געווען אַ קרעמער און דע־ריבער האָב איך נישט געקענט געניסן פון אַט דער אומ־זיסטער ערד. אַלענפאַלס איז עס געווען אַ העלדישקייט מצד ייִדן אין דאָמבראָוועז צו מאַכן אַזאַ געוואַגטן שריט פאַר די אויגן פון די גויים און נישט מורא־האָבן פאַר זייערע גע־וואַלדן.

חיים תורן

## די משפחה פוקס

יעדעס מאָל ווען איך באַגעגן זיך מיט מיינע לאַנדסלייט, די פוקסן אין פתח־תקוה, מיט פ ס ח און מיט ש מ ו א ל וואָס זענען עולה־געווען מיט העכער פופציק יאָר צוריק און מיט י ח ז ק א ל וועלכער איז געקומען אין לאַנד אריין מיט קרוב פערציק יאָר צוריק, שטייט מיר פאַר מיינע אויגן זייערע הייזער, דאָס הויז פון זייערע עלטערן, דאָרט ווו זיי זענען געבוירן, דערצויגן און אויפגעוואַקסן. די הייזער פון פסח און שמואל, וואָס זענען געווען צוגעוואַקסן און באַ־האַפטן צו זיך ווי אַ סיאַמער צווילינג, זענען געשטאַנען אין צענטער פונעם שטעטל, אין זיין סאַמע מיטן, בעת יחזקאלס הויז איז געשטאַנען אויף דער פאַטשטאָווער גאַס, וואָס מ׳האָט אַזוי גערופן צוליב דער פאַטשט וואָס האָט זיך געפונען אויף דער גאַס און האָט צוגעצויגן אַלע איינוווינער פונעם

שטעטל. דאָס איז געווען אַ ברייטע גאַס, און כדי זי אַריי־
בערשפּאַנען נאָך אַ רעגנדיקן האַרבסט־טאָג אָדער אין אַ
ווינטערדיקן טאָג נאָך אַ שטאַרקער שניי־זאַווערעכע, האָט
מען געמוזט אָנטאָן נישט קאַלאָשן נאָר שטיוול, און אויך
דעמאָלט איז נישט געווען זיכער צי איין שטיוול וועט נישט
בלייבן שטעקן אינמיטן גאַס, אויף אַ זכר... דער צד־השווה
צווישן די צוויי הייזער איז געווען דאָס וואָס זיי זענען
געווען בריוּוחדיקע, מיט אַ סך ליכט און פיל זון, אויסגעבעט
מיט קאָליריקע דאָרפישע טעפּיכער, געפלעגט מיט פשטות
און באַשיידנקייט, אויסגעקאָלכט פון אינעווייניק און פון
דרויסן. אַלץ אַרום האָט דאָ געאָטעמט מיט רויִאיקייט און
שלווה, אייגענע אַרבעט און אַרנטלעכע מי, ווי עס פּאַסט פאַר
יידישע לאַנדווירטן אין אַן אויסגעשפּראָכן־לאַנדווירטשאַפט־
לעכער פערמע.

די משפּחה פוקס איז געווען פון די ערשטע זידלער אין
דער קאָלאָניע. דאָס איז געווען אַ גרויסע און פאַרצווייגטע
משפּחה, ממש אַ שבט. דער רוב פון זיי אַרבעטס־מענטשן
וואָס האָבן גאַנצע פיר־און־צוואַנציק שעה אין מעת־לעת
מקיים־געווען דעם "בזיעת אפיך תאכל לחם". ווי דער
שטייגער פון יידן אין בעסאַראַביע האָבן זיי אָפּגעהיטן דת
און יידישע טראַדיציע, עקסטרעמע פרומקייט איז זיי אָבער
פרעמד געווען. עס האָט נישט געקענט פּאַסירן זיי זאָלן
אַרויסגיין צו דער אַרבעט פאַרן לייגן טלית און תפילין,
איידער זיי האָבן לפּחות אויף גיך אָפּגעדאַווענט שחרית. מנחה
און מעריב דאַקעגן האָבן זיי נישט איינמאָל יוצא־געווען
ביי דער אַרבעט אין פעלד אָדער וויינגאָרטן, אַנטקעגן דעם
גאָלד פון זון־אונטערגאַנג. דער ציוניסטישער געדאַנק האָט
זיי נישט באַזונדערס באַגייסטערט. דאָס צוליב אַ פּשוטן טעם

— וויבאַלד דער עיקר פון דעם געדאַנק איז געווען צו פירן אַ לעבן פון אַרבעט און מי, און פון אַ "לופט־מענטש" ווערן אַן אַרבעטער, האָבן זיי דאָך דאָס מקיים געווען מיט אַלע רמ"ח־איברים אין זייער ווירטשאַפט. זיי האָבן נישט פאַר־שטאַנען צו וואָס שלעפּן זיך אין מרחקים, פאַרשוואַרצט ווערן אין אַ פרעמד לאַנד, כדי צו באַזעצן זיך אויף פעלד־זיקן באָדן, בעת זיי באַאַרבעטן זייער ערד, די גוטע און פעטע בעסאַראַבישע ערד, און האָבן הנאה פון דער מי פון זייערע הענט. די תלמידי־חכמים צווישן זיי האָבן אַוודאי זיך געטראַכט: "גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא שמים", דער וואָס לעבט פון זיין אַרבעט איז מער ווי צו זיין אַ ירא שמים, ווערט דען געזאָגט דאָרט דער וואָס געניסט פון זיין ארבעט אין ארץ־ישראל דווקא? געגוי ווי טויזנ־טער און צענטליקער טויזנטער יידן אין אַלע תפוצות הגולה האָבן זיי נישט געפילט און נישט געגלייבט, אַז די ערד וואָס זיי באַאַרבעטן וועט אין איינעם אַ טאָג פאַרוואַנדלט ווערן אין זייער אַלעמענס ברודער־קבר און אַז זייערע גוייִשע פריינט מיט וועלכע זיי האָבן אָנגעהאַלטן גוטע שכנותדיקע און אפילו ברודערלעכע באַציונגען וועלן זיין די וואָס וועלן אויף זיי אויפשטיין און זיי קאַלטבלוטיק דערמאָרדן. יאָ, פון דער גרויסער משפחה פוקס זענען קיין ארץ־ישראל אָנ־געקומען בלויז וויניקע, כמעט יחידים און נישט מער. אַלע אַנדערע זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין גרויסן אומקום.

אָרעם און נאַקעט זענען פּסח, שמואל און יחזקאל אָנגע־קומען אין לאַנד אַריין, אָרעם אין פאַרמעגן אָבער רייך אין אַנטשלאָסענעם גייסט, מיט אַן אייזערנעם ווילן וואָס האָט נעגרענעצט מיט געבענטשטער עקשנות, און ועל כולם — מיט טאַלאַנט צו אַרבעט און ליבשאַפט צו אַרבעט, אַ משפחה־

פאַרמעגן אַזאַ. אין פּתח־תקוה, ווו זיי האָבן אויפגעשטעלט זייער געצעלט ביים שטעלן די ערשטע שריט אין לאַנד, האָבן זיי גיך זיך געשאַפן אַ שם אַלס פלייסיקע אַרבעטער, איבערגעגעבענע פּועלים. זיי האָבן נישט געדאַפט שטעלן זיך אין דער ריי, כדי צו באַקומען אַביסל אַרבעט. די קאָלאָניסטן פון פּתח־תקוה זענען געווען די וואָס זענען ביי זיי געשטאַנען אין דער ריי, כדי זיי זאָלן מסכים־זיין ביי זיי אַרבעטן — זיי, די געזונטע, געשיקטע און דרייסטע בחורים וואָס זענען איבערגעגעבן דער אַרבעט מיט האַרץ און נשמה. אויך אין די יאָרן פון נויט און הימלשרייענדיקער אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד, זענען זיי נישט אַרומגעגאַנגען ליידיק, קיינמאָל נישט דערפילט דעם טעם פון נישט אַרבעטן. לאַנגזאַם־לאַנגזאַם, מיט פאַמעלעכדיקע אָבער זיכערע טריט, מיט מוס־טערהאַפטן פלייס און אויסדויער האָבן זיי אין לאַנד אויפ־געשטעלט זייערע וואַרעמע היימען, אויפן מוסטער פון זייער עלטערנס הויז, הייזער פון זעלבסט־אַרבעט און אָרנטלעכער מי מיט וואָרצלדיקער צוגעבונדנקייט צו דער ערד. בעת אָבער זייערע עלטערן דאָרט, אין גלות, האָבן געזייט מיט טרערן און לסוף געשניטן נישט בלויז מיט טרערן נאָך אויך מיט בלוט, האָבן זייערע קינדער און אייניקלעך דאָ אין לאַנד געזייט מיט טרערן אָבער געשניטן מיט געזאַנג.

ווען איך זע זיך דאָ פּנים אל פּנים מיט מיינע לאַנדסלייט, די פּוקסן, ווען איך קוק זיך איין אין זייערע פאַרברוינטע און ענערגישע געזיכטער, אין זייערע באַוועגונגען און אין זייער אופן פון רעדן, זע איך יעדן איינעם פון זיי אַן אָפּ־שפּיגל פון זייערע עלטערן, בלויז מיט איין אונטערשיד — יענע זענען געווען ייִדן מיט באָרד־און־פּיאות, פּויערים אין טלית־און־תפילין. גענוי ווי יענע אבות זייערע זענען זיי

אָבער מענטשן פון דער מאַמע־ערד מיט אַ סך מי און אַרבעט, ווי מען זאָגט ביי אונדז ישרי־לב און ישרי־גו, מענטשן גלייכע און מיט אויסגעגלייכטע רוקנס. דאָס וואָס איבער־ראַשט, דאָס וואָס איז יסודותדיק און וווּנדערלעך, איז דער דמיון אין זייערע הענט! געניי ווי זייערע עלטערן און זיידעס זענען זיי געבענטשט געוואָרן מיט גרויסע הענט, פאַרמאַזאָליעטע, דאַרפישע, פאַרברויינטע הענט וואָס זענען געפּרוווט געוואָרן מיט פיל־יאָריקער אַרבעט, הענט נישט פון זיידענע יונגעלייט נאָר פון פעלד־יונגעלייט!

דעם אמת־זאָגנדיק איז דאָך אַ ווונדער: זיי, די "ותיקים", וואָס האָבן געשלאָגן וואָרצלען אין לאַנד נאָך מיט העכער אַ יובל צוריק, פאַרוואָס האָבן זיי נישט העברעיזירט זייערע פון גלות געבראַכטע נעמען? איך האָב קיינמאָל וועגן דעם נישט גע־שמועסט מיט זיי. זייער מעגלעך אָבער, אַז ווי אויסגעשפּראָ־כענע ערד־אַרבעטער, לאַנדווירטן און קינדער פון לאַנדווירטן, האָבן זיי מורא־געהאַט אָנצורירן דעם שורש, דעם וואָרצל און שטאַם פון זייער משפחה־בוים...

משה איילון־אַקסנפעלד (ירושלים)

## אונדזער הויז אין דאָמבראָווען

מיין פאָטער נפתלי אקסנפעלד איז געווען אַ ייד אַ בעל־קומה, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד. ער האָט געהערט צו די תלמידי־חכמים אין שטעטל. געווען אַ ייד אַ ירא־שמים און תמים־דרך. ער פלעגט קובע־עתים־זיין לתורה

און דריי מאָל אין טאָג געדאַווענט אין דער "קלויז" ביי אונדזער הויז.

מיין מוטער ברײנע איז געווען אַ שיינע פרוי, אַן אשת־חיל. אַ גאַנץ לעבן האָט זי שווער געאַרבעט, געפירט די הויז־ווירטשאַפט, דערצויגן דריי קינדער און געטראָגן דעם פרנסה־עול. זי האָט אַליין געפירט דאָס מאַניפאַקטור־געשעפט, אַ מין כל־בו פון שניט, שיך און קאַלאָשן. פונקט ווי מיין טאַטע איז נישט געווען פון דער נאַטור קיין סוחר, האָט די מאַמע געהאַט אַ געוואַלדיקן סוחרישן חוש. אַן איש תם וישר איז געווען מיין פאָטער. ער האָט געהאַט צוטרוי צו מענטשן און נישט איינמאָל האָבן זיי אים אָפּגענאַרט. איז אַריינגעקומען אַ קונה און האָט נישט געפונען וואָס ער האָט גע־זוכט, האָט דער טאַטע קיינמאָל נישט געמאַכט קיין באַמי־ונגען, נישט געפּרוּווט אים אפילו איבערצייגן. אַנדערש איז געווען די מאַמע. זי האָט קיין קונה נישט אַרויסגעלאָזט מיט לײדיקע הענט. איז ער אַריינגעקומען, האָט ער שוין עפּעס געקויפט, נישט דווקא וואָס ער האָט געזוכט, נאָר וואָס זי האָט געהאַט צום פאַרקויפן...

מיין פאָטער האָט נישט ווייניק באַדן געירשנט פון מיין זיידן ר' יאַנקעלע "מאַלאַ־שאַג" (אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער פלעגט גייען בנחתדיק, געלאַסן, מיט געמאָסטענע טריט ווי ער וואָלט געהאַט אַ סך צייט). ער האָט אויך געירשנט אַ גרויסן גאָרטן מיט עפּל־ביימער, באַרן, פּעריש־קעס, ניס און באַזונדערס זיסע און זאַפטיקע שוואַרצע קאַרשן. גאַנצע טעג האָבן מיר, די גאַנצע משפּחה, פאַרבראַכט אין גאָרטן און מיט די אייגענע הענט געריסן די פרוכטן פון די ביימער. ווי ליב האָב איך געהאַט צו פאַרברענגען אין גאָרטן, אויסשפּרייטן זיך איבערן ווייכן גראָז. איינמאָל בין איך

אַראָפּגעפאַלן פון אַ הויכן בוים און זיך צעריסן דאָס רעכטע אויער. סימנים זענען ביי מיר געבליבן עד היום. דעם באָדן האָט דער טאַטע איבערגעגעבן גויים צום באַארבעטן, און מיט דער תבואה האָבן זיי זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך. אייגנטלעך האָט דער טאַטע געקענט פאַרעכנט ווערן צו די עשירים אין שטעטל. פאַקטיש האָבן מיר אָבער געלעבט אין דחקות. געווען צייטן ווען עס האָט אויסגעפעלט אפילו ברויט. ווייניקע אין שטעטל האָבן געוווסט, אַז מיר לעבן אין בויט. נישט געקוקט אָבער אויפן שווערן מצב האָבן מיר, מיינע שוועסטערס און איך, באַקומען מיטעלע בילדונג. אַלע דריי האָבן מיר געלערנט און געענדיקט די העברעישע "תרבות"־גימנאַזיע אין סאַראָקע און אין בעלץ. געננוי ווי אַלע שניט־סוחרים אין שטעטל איז אויך מיין פאָטער געפאָרן קיין יאַס, פון דאָרט ברענגען סחורה. מיט דער צייט איז אים אָבער קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז נישט פאַר אים, ווייל ער פלעגט ברענגען שלעכטע סחורה וואָס איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. אַזוי האָט די מאַמע אויך אין דעם עול זיך איינגע־שפּאַנט. זי האָט אָנגעהויבן פאָרן קיין יאָס און געבראַכט שיינע סחורה פאַר גוטע פּרייזן. איר האָט מען נישט געקענט אָפּנאַרן.

מיין פאָטער, אַ ווייכהאַרציקער, אַ נוח לבריות, האָט ליבערשט געהאַט צו זיצן אין שול און עוסק־זיין אין תורה. די "פינצטערע פרנסה" האָט אים אָבער געצווונגען צו זיין אַ סוחר, אַן ערד־אַרבעטער. ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָ־כענער תלמיד־חכם. ער האָט גוט געקענט העברעיש. מיט זיינע קינדער, וואָס זענען אַוועק אין מרחקים, האָט ער זיך דורכגעשריבן אין אַ פיינעם העברעיש. איבעריק צוצוגעבן, אַז ער האָט ליב געהאַט די מליצה. ווען מיר האָבן זיך

געזעצט צום טיש פלעגט ער זיך ווענדן צו מיר בזו הלשון: "משה, מן המים משיתיהו". דאָס איז געווען אַ רמז, אַז איך דאַרף זיך אויפשטעלן און ברענגען קאַלט, לויטער וואַסער פונעם שכנותדיקן ברונעם. אַזוי האָב איך טאַקע זיך נוהג געווען יעדן טאָג. ער האָט נישט געהאַלטן פון איבערגע־טריבענעם טרינקען וואַסער. ער פלעגט זיך ווינצלען: "וואַסער איז נישט געזונט אין די שטיוול, היינט אין בויך אוודאי נישט". ווען ער האָט געהאַט טענות צו דער הנהגה ראשית פון "גורדוניה" אין בוקאַרעשט, הלמאי זיי זענען נישט מקיים זייער הבטחה מיך צו שיקן קיין ארץ־ישראל, האָט ער צו זיי אַרויסגעשיקט אַ בריוו אין אַ שיינעם העברעיש און גע־ענדיקט מיט די ווערטער: "משענתכם משענת קנה רצוץ" (אייער אָנשפּאַר איז אַ צעבראָכענער שטעקן).

מיינע עלטערן האָבן אין זייערע קינדער אַריינגעפלאַנצט ליבשאַפט צו ציון, און נישט בלויז וואָס זיי האָבן אונדז נישט געשטערט אין דער עליה נאָר זיי האָבן אונדז דער־מוטיקט און געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. זיי זענען געווען פרומע, אָבער פון אונדז קינדער האָבן זיי נישט שטאַרק געפאָדערט צו היטן מצוות. מיר האָבן אָבער תמיד געהיטן כשרות און מקפיד־געווען אויף שמירת־שבת.

אונדזער הויז איז טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. פון דרויסן האָט דאָס הויז געמאַכט אַ רושם, ווייל די דרויסנדיקע ווענט און דער דאַך זענען געווען ניי. דער געבוי אינעווייניק איז אָבער געווען אַלט און איינגעפאַלן. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו בויען אַ ניי הויז. אַזוי זענען מיר דאָס גאַנצע לעבן געבליבן וווינען אין אַ הויז פון דריי אַלטע צימערן מיט אַ קוך און דערנעבן איז געווען די קראָם.

איך בין געווען אַ חבר אין "גאָרדאָניה". דערווייל האָב איך זיך צוגעשטעלט צום מיליטער און די מעדיציניש קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך טויג פאַר אַ זעלנער און איך קען דינען אין דער קאַוואַלעריע. הערנדיק דאָס האָט מיין מאַמע מרעיש־עולמות געווען ביז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַמיען זיך מען זאָל מיך אַריבערפירן אין אַן אַנדער חיל. גאָר גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער שעף פון מאָביליזאַציע־אַמט אין דער קרייז־שטאָט סאַראָקע איז גרייט מיך אַריבערצופירן אין דער פיעכאָטע פאַרן פרייז פון שוחד פון טויזנט לעי. מיר האָבן די סומע געשאַפן אָבער מעשה־שטן איז דער באַשטימטער טאָג אויסגעפאַלן גראָד שבת. היות ווי מיטן וואָגן האָב איך נישט געקענט אָנקומען אַהין, האָב איך געדונגען אַ פערד. איך האָב זיך געוווּנדערט ווען דער פאָטער מיינער האָט מיר אַליין געהאָלפן אָנזאָטלען דאָס פערד און מיט זיינע אייגענע הענט מיך אַרויפגעזעצט אויף אים. מיין נסיעה, האָט ער געהאַלטן, איז פּיקוח נפש, און דעריבער האָט ער מיט אַ שווער האַרץ שלום־געמאַכט מיטן דאָזיקן חילול שבת.

בעת בעסאַראַביע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די נאַצישע האָרדעס, האָבן מיינע עלטערן געפּלאַנט אַנטלויפן קיין רוס־לאַנד. ווען די זאַכן זענען שוין געווען פאַרפּאַקט האָט זיך באַוויזן דעם טאַטנס ברודער, דער פעטער אברהמל, און ער האָט געטענהעט: "מיר זענען דאָ געבוירן. דאָ האָבן מיר גע־לעבט ביי די רוסן און דערנאָך אונטער די רומענער און ווידער אונטער די רוסן, און מיר האָבן זיי איבערגעלעבט. וועלן מיר נישט קענען איבערלעבן די דייטשן? דאָ זענען מיר געבוירן און דאָ וועלן מיר שטאַרבן, אויב אַזוי איז נגזר־געוואָרן. פון דעם אָרט וועלן זיי אונדז נישט רירן".

מיינע עלטערן האָבן געפאָלגט דעם פעטער און געבליבן אויפן אָרט. קורץ נאָך דעם זענען זיי פאַרטריבן געוואָרן מיט אַלע יידן צוגלייך, און זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן מיט זייערע רומענישע אַרויסהעלפערס. דער טאָג פון זייער טויט און דאָס אָרט פון זייער קבורה איז נישט באַקאַנט.

אַזוי האָבן געלעבט, געליטן און געשטאָרבן מיינע גוטע עלטערן, די טהורים און קדושים.

ראָזע אקסנפעלד־פוקס (חולון)

## זכרונות פון פאָטערס הויז

איך בין געבוירן ביי אומפאַרגעסלעכע עלטערן — ברײנע און נפתלי אַקסנפעלד ז״ל.

דאָס לעבן אין אונדזער שטעטל איז געווען זייער פּרימי־טיוו, אָן עלעקטריע, אָן אינסטאַלאַציע און אפילו די קלאָזעטן זענען געווען מחוץ דעם הויז. דאָס איז אָבער געווען אַ רייך לעבן, פול מיט אינהאַלט. אַ רויק, גוט און אָנגענעם לעבן. די יוגנט איז געווען אַ ליבע, קולטורעלע. זייער אָפט האָבן מיר זיך באַגעגנט אויף געשפּרעכן וועגן פאַרשידענע טעמעס און געפירט אַן אינטענסיוו געזעלשאַפטלעך לעבן. איך בין געווען אַ מיטגליד אין דער ״גאָרדוניה״־באַוועגונג און געווען אַקטיוו אין דער הנהגה. דאָס פאַמיליע־לעבן ביי אונדז אין שטוב האָט זיך אויסגעצייכנט מיט קעגנזייטיקער פאַרשטענ־

דעניש און איבערגעגעבנקייט. יעדער איינער פון אונדז איז גרייט־געווען אַלץ מקריב־צו־זיין פאַרן צווייטן. דער עקאָ־נאָמישער מצב איז נישט געווען קיין לייכטער, הגם מיר האָבן געהאַט אַ סך ערד וואָס מיר האָבן באַקומען פון זיידן. מיר זענען געווען דריי קינדער — איך, מיין שוועסטער יהודית און מיין ברודער משה. אַלע לעבן היינט אין לאַנד.

טראָץ אונדזער שווערן מצב האָבן די עלטערן געמאַכט גרויסע באַמיונגען כדי צו געבן אונדז בילדונג. אַלע דריי האָבן מיר פאַרענדיקט אונדזערע לימודים אין דער העברעי־שער "תרבות"־גימנאַזיע — אונדזער משה אין בעלץ און די מיידלעך אין סאָראָקע.

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע האָב איך געהאָפט צו ווערן אַ קראַנקען־שוועסטער. אין יענע צייטן זענען אָבער יידן אין רומעניע נישט אָנגענומען געוואָרן אויף אַזעלכע לימודים. איך האָב געגעבן לעקציעס פאַר קינדער אין דער פאָלקסשול און געהאָלפן דער מאַמען אין קראָם.

מיין מאַמע איז געווען אַ שיינע, קלוגע פרוי, אַ גוטע און פלייסיקע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט טריישאַפט, מיט מסירת־נפש. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זי איז געווען פאַרנומען אין שטוב און אין קראָם, האָט זי געהאַט צייט אויך צו זיין טעטיק אין "עזרת חולים". מיין פאָטער איז געווען אַ יודע־ספר און קלוגער, אַ גוטמוטיקער און מאמין, אָבער נישט קיין פאַנאַטיש־פרומער. ווען עס זענען צו מיר געקומען חברים און חברטעס האָט ער זיך באַטייליקט אין די שמועסן און מיר אַלע האָבן הנאה־געהאַט פון זיינע שמועסן וואָס זענען געווען דורכגעדרינגען מיט פאַרוויי־לענדיקע, וויציקע מעשיות.

נאָך דעם ווי בעסאַראַביע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די

רוסן האָט אונדזער מצב זייער זיך פאַרערגערט. די קראַם איז פאַרמאַכט געוואָרן און דער באַדן איז קאָנפיסקירט געוואָרן. מען האָט אונדז איבערגעלאָזט בלויז אַ קליין שטיקל ערד, וואָס אַ מענטש קען באַאַרבעטן מיט די אייגענע כוחות. לוין־אַרבעט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. מיר זענען גע־פאַלן פון די פיס צוליב די שווערע שטייערן, און דער טאַטע האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט כדי מפרנס־צו־זיין די משפחה. פון אונדזער האָפענונג עולה־זיין קיין ישראל, אָנ־שליסן זיך צו אונדזער ברודער און שוועסטער וואָס זענען שוין געווען אין לאַנד, איז גאָרנישט געוואָרן. באין ברירה בין איך אַוועק קיין טשערנאָוויץ צוזאַמען מיט עליק פעלדמאַן און לייבעלע בערקאָוויץ און דאָרט געאַרבעט אַלס באַאַמטע. מיין מאַמע איז מיר געקומען באַזוכן, און גראַד דעמאָלט איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. די מאַמע איז צוריקגעפאָרן מיט אַ וואָגן, ווייל דער באַן־פאַרקער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעשטעלט.

אַביסל שפּעטער זענען אַלע ייִדן וואָס זענען געבליבן דאָרט פאַרשיקט געוואָרן קיין טראַנסדניסטריע, צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע עלטערן וואָס זענען דאָרט אומ־געקומען.

פון טראַנסדניסטריע בין איך צוריקגעקומען נאָך לאַנגע איבערלעבענישן קיין טשערנאָוויץ. קורץ נאָך דעם האָט מיר פּערל קאָרנבליט געשריבן, אַז אין שטעטל זענען געבליבן צוויי פון אונדזערע קי ביי אַ גוי אין דאָרף פּערליץ. איך בין אַרויסגעפאָרן קיין דאָמבראָווען און דאָרט געווען עטלעכע טעג. איך בין געוואָרן אויפגעטרייסלט פון דעם חורבן און צעשטערונג, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן. מיט די מצבות וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די

קברים האָט מען געמאַכט שאָסייען און טראָטואַרן. נאָך עטלעכע טעג פון שווערער פּיין, אומעט און צער וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און מיינע אויערן האָבן געהערט, בין איך צוריקגעקומען קיין טשערנאָוויץ. אין יאָר 1946 האָב איך זוכה־געווען עולה־זיין קיין ארץ־ישראל און דאָ האָב איך געבויט מיין הויז און אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע.

יהודית אַקסנפעלד־ווייצמאַן (חולון)

## וואָס איך געדענק פון אונדזער היים

איך, מיין שוועסטער און מיין ברודער, זענען אָנגעקומען קיין דאָמבראָווען ווען מיר זענען נאָך געווען קליינע קינדער.

דאָמבראָווען איז געווען דאָס געבוירן־אָרט פון מיין זיידן פון טאַטנס צד. עטלעכע דורות פון זיין משפחה האָבן געהערט צו די גרינדערס פון דער קאָלאָניע. איך געדענק גוט די געשטאַלט פון מיין זיידן, יעקב (יאַנקעלע) אקסנפעלד — אַ נידעריקער, אַ תלמיד־חכם, אַ פאַרמעגלעכער וואָס האָט געהערט צו די חשובסטע באַלעבאַטים און לומדים אין שטעטל. זיינע געשעפטן האָט ער געפירט מיט אַ סך חכמה און באַאַרבעט זיינע פיל פעלדער וואָס ער האָט איבערגעלאָזט בירושה זיינע קינדער און אייניקלעך. דערביי האָט ער נישט ווייניק געזאָרגט צו געבן אונדז קינדער תורה און וויסן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין דאָמבראָווען, איז דאָס געווען דער זיידע וואָס האָט אונדז אויפגענומען און אַריינ־

געגומען אין זיין גרויס הויז, געבויט פון ליים מיט ווענט באַדעקט מיט טעפּיכער. דאָס געשטאַלט פון זיידן וואָס האָט אונדז אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ליבשאַפט, האָט זיך טיף איינגעקריצט אין אונדזער זכרון. שווערע טעג פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ האָט דורכגעמאַכט אונדזער משפחה, באַזונדערס נאָך דעם ווי גנבים האָבן זיך אַריינגעריסן אין אונדזער הויז און מיר זענען געבליבן בעירום ובחוסר כל. מיינע עלטערן, בריינע און נפתלי, האָבן געאַרבעט שווער. מיין פאָטער — אין פעלד, און מיין מאַמע אין קראָם. זיי האָבן בייטאָג און ביינאַכט געאַרבעט פאַרן קיום פון דער משפחה און כדי אונדז צו דערמעגלעכן געבן אַן אַלגעמיינע און יידיש־ציוניסטישע דערציונג.

צוערשט האָבן מיר געלערנט אין דער מלוכהשער עלעמענטאַר־שול אין שטעטל, אין וועלכער אַלע תלמידים זענען געווען יידן, בעת דער דירעקטאָר (מאַרק יאַרושקאָ) איז געווען אַ גוי, אַ שונא־ישראל און אַנטיסעמיט. דער טאַטע וואָס איז געווען אַ תלמיד־חכם און משכיל, האָט אונדז אין שטוב געלערנט העברעיש און ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער גימנאַזיע "תרבות" אין סאַראָקע, האָבן מיר שוין געהאַט אַ היבשן באַגאַזש פון העברעיש־וויסן. די וויכטיקסטע פאַרבינדונג איז געווען דער וואָגן פון משהלע באַלעגאָלע, אַ קליינער, אַ חוצפּהדיקער. דעם מרחק פון 12 ק"מ צווישן דאָמבראָווען און סאַראָקע האָבן מיר דורכגעמאַכט אין עטלעכע שעה, און נישט איינמאָל האָבן מיר געמוזט אַראָפּ פון וואָגן און אונטערשטופּן...

דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען שווער און פּרימיטיוו. וואַסער האָבן מיר געשעפּט פון ברונעם, וועגן עלעקטריע איז קיין רייד נישט געווען, און די עיקר־באַלייכטונג איז

געוועזן פון אַ נאַפּט־לעמפּל. מיין מאַמע, ווען זי איז צוריק־געקומען פון אירע רייזעס צוליב געשעפט־ענינים אין די שכנותדיקע שטעט, פלעגט אונדז שפּאַסיק דערציילן וועגן דעם גרינגען און באַקוועמען לעבן אין דער גרויסער שטאָט — וואַסער און ליכט גייט פון דער וואַנט!

מיינע עלטערן האָבן אַלע יאָרן געהאָפּט אויף אַ גרינגער לעבן און נישט זוכה־געווען צו דעם קיינמאָל. ווען עס האָט זיך געביטן דער רעזשים פלעגן מיר טיילמאָל זיך פרעגן: וואָס איז דער בעסטער רעזשים פאַר ייִדן? ווען מיין פאָטער האָט דאָס געהערט פלעגט ער זיך אָנרופן אין גוטן מוט: ״הלוואַי זאָלן די רוסן איינשלינגען די רומענער, און מיט זיי דערשטיקט ווערן״. דער טאַטע פלעגט זיך וויצלען. ער האָט גוט דערציילט אַ שיינעם וויץ און אפילו אויפן חשבון פון שטעטל פלעגט ער זיך וויצלען און זאָגן: ״דאָמבראָווען באַדייט: דאָברע — גוט, ווען?״.

זומער פלעגן מיר שפּאַצירן אין די פעלדער און פּרוכטן־גערטנער. איינמאָל, אין דער צייט פון שניט, איז דער טאַטע געבליבן אין פעלד היטן די תבואה, און די מאַמע האָט מיר געשיקט אים ברענגען עסן. די פעלדער האָבן זיך געפונען ווייט פון הויז. מיטאַמאָל האָב איך זיך דערזען אין אַ ווייטן פעלד — איך קוק און קוק און דעם טאַטן זעט מען נישט. אַ פּחד און ציטער האָט מיך אָנגענומען. איך האָב זיך אָבער נישט מייאש געווען, נישט אויפגעהערט זוכן דעם טאַטן ביז איך האָב אים געפונען. אונדזער פרייד איז געווען גרויס.

דאָס דרעשן די תבואה איז פאַר אונדז קינדער אין שטוב געווען אַ גרויסע פרייד, און איז פאַרבונדן מיט אומפאַר־געסלעכע איבערלעבענישן אין די קינדעריאָרן. דער רעש פון די מאַשינען, דאָס געזאַנג פון די אַרבעטער, די קערנדלעך

וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין שיטן און די אַנגעזאַמלטע קופּעס שטרוי, האָבן דאָס האַרץ אָנגעפּולט מיט פרייד און לוסט.

אין אונדזער קליינער הויז־ווירטשאַפט האָט אויך נישט געפעלט קיין הינער, גענדז און צוויי קי וואָס האָבן געגעבן מילך. די קי זענען געווען רואיקע, און אויף דער פּאַשע האָט זיי געפירט אַ יינגל. איך געדענק גוט ווי מיר קינדער זענען איבעררראַשט געוואָרן ווען אין איינעם אַ טאָג איז אונ־דזערס אַ פאַרלוירענע קי צוריקגעקומען מיט אַ צעבראָכע־נעם האָרן און אויסגעהאַקט אויג. די קי זענען אויפגעהיטן געוואָרן אין שטוב ביז דער שואה, ווען די גויים האָבן זיי ביי אונדז צוגערויבט. נאָך דער מלחמה איז מיין שוועסטער צוריקגעקומען אין שטעטל, און עס איז געלונגען אָפּצונעמען איינע פון די קי.

נאָכן ענדיקן מיינע לימודים אין פּרעבליסטן־סעמינאַר בין איך צוריקגעקומען אַלס דיפּלאָמירטע לערערין אין קינדער־גאָרטן און געהאַט די גרויסע זכיה צו עפענען אין אונדזער שטעטל דעם ע ר ש ט ן העברעישן קינדערגאָרטן. די ערשטע דירה פון דאָזיקן קינדערגאָרטן אין וועלכן די קליינע קינ־דערלעך האָבן געלערנט העברעיש איז געווען די שול "דאָס קלייזל", און דאָס מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון די גבאים.

אין דאָמבראָווען זענען אמת געווען מענטשן וואָס האָבן בעקענט העברעיש און געווען דורכגעדרינגען מיט ליבשאַפט צו ציון. עס איז אָבער געווען איבער זייערע כוחות צו שטיצן לאַנגע יאָרן אַ העברעישן קינדערגאָרטן, און דעריבער האָב איך געמוזט זוכן אַרבעט אין אַנדערע, גרעסערע און פיל בעסער־אָרגאַניזירטע יידישע קהילות.

דב מישאלי (כפר בילו)

# אין יענע יאָרן

קינדהייט. אין עלטער פון צוויי יאָר האָט דער טאַטע אָדער דער זיידע גענומען מיך אויף די פּלייצעס און "אָוועקגעפירט" אין חדר פון ר׳ איטשע מלמד, "איטשע דער דאַרדיקער", ווי מען האָט אים גערופן. אַ מין צוגרייטונג צום קינדערגאַרטן איז געווען זיין חדר. נישט געווען אין גאַנצן שטעטל קיין איין יידיש קינד, וואָס זאָל נישט האָבן דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן חדר. צו פיר יאָר האָב איך שוין ביי אים געלערנט חומש. דאָס לערנען איז אויך פאָרגעקומען אין די לאַנגע ווינטער־נעכט און מען האָט געקענט זען די קליינע יינגעלעך, די תינוקות של בית רבן, ווי זיי שלעפן זיך איבער די פינצטערע געסלעך מיט נאַפט־לעמפּעלעך און ברענענדיקע ליכט אין די הענטעלעך, אַלץ כדי צו לערנען תורה. דאָס איז געווען דאָס בילד וואָס האָט אָנגערעגט דעם דיכטער צו שרייבן זיין "המתמיד". אין עלטער פון פינף יאָר זענען מיר (אַלע תלמידים!) אַריבער אין חדר פון ר׳ דוד־וואָלף, אַ מין קינדערגאַרטן. דאָ האָבן שוין "עלטערע" חדר־יינגלעך געלערנט רש״י צו די חמישה חומשי תורה. דיביידע מלמדים זענען עס געווען די וואָס האָבן מרביץ־תורה־געווען פאַר פיל דורות, וואָס זענען אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין דאָמבראָווען.

די פאָלקסשולע, וואָס איז געבויט געוואָרן דורך דער ייק״א־געזעלשאַפט אין אַן אויסגעשפּראָכן דאָרפישן סטיל, איז געשטאַנען נעבן אַ גרויסן גאָרטן, רייך מיטביימער מיט זאַפטיקע, גוטע און געשמאַקע פּרוכטן צוזאַמען מיט אַ ברייטן

און לאַנגן קראַקעט־פּלאַץ, וואָס האָט פּולסירט מיט לעבן יעדע פרייע מינוט פון די לימודים און אויך שבת און יום־טוב. אין דער זייט האָט געפירט אַ גלייכער וועג לענגאויס אַן אַליי פון אַקאַציע־ביימער וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם גאָרטן און געפירט צום גרויסן שפּאַציר־פעלד (דער ״באַרג״ האָט מען עס גערופן!), וואָס איז אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר געווען באַדעקט מיט זאַפטיק גראָז, וואָס איז געוואָקסן נישט גע־פלעגט און נישט באַוואָסערט. דאָ האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געטראָפן און פאַרברענגט. די שולע, דער גאָרטן, דער ״באַרג״, דאָס אַלץ האָט אינספּירירט גייסטיק און פיזיש אַלע יידן אין שטעטל. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן דער דירעקטאָר פון דער שולע, מאַגין, וואָס האָט געוווּסט משפּיע־צו־זיין מיט זיין פיינער אויפפירונג אויף דעם לערער־פּערסאָנאַל און אויף דער פרייוויליקער דיסציפּלין, וואָס די תלמידים האָבן אויף זיך גענומען.

אַנגענעמע זכרונות זענען מיר פאַרבליבן פון דער קינדער־שפּילן — קוגלס און קראָקעט און נאָך — צוזאַמען מיטן זון פון דירעקטאָר, ניוקא מאַגין, וואָס האָט צוגעצויגן דעם גאַנצן אַרויסלאָז פון דער פאָלקסשולע אין די יאָרן פון ערשטן וועלטקריג, אַדאַנק דעם חברישן גוטן מוט מיט וואָס עס האָט זיך אויסגעצייכנט די גאַנצע מאַגין־משפּחה.

צוזאַמען מיט די לימודים אין דער פאָלקסשולע, וואָס זענען געווען בלויז אין ידיש און אין רוסיש, איז אויך געווען אַ ״מאָדערנער״ חדר פאַר העברעישע לימודים אין פּאַליש פון דער ״דייטשע שול״, אין שכנות פון די הייזער פון הרב לוי שטערנבערג ז״ל פון איין זייט און שוחט ר׳ שעפּטל דאַוויד־זאָן ז״ל פון דער אַנדערער זייט. אָט דער צירוף, צוזאַמען מיט די משפּחות וואָס האָבן געלעבט אין די הייזער, האָט

געהאַט, דאַכט זיך מיר אַ קוק אויף דורות, אַן אַנטשיידנ־דיקע השפעה אויף אַ גאַנצן דור, יוגנט דעמאָלט און היינט זקנים, פון וועלכע אַ סך האָבן זוכה־געווען צו לעבן אין אונדזער לאַנד און זען בנים ובני בנים עוסקים בתורה ובעבודה. איך וויל דאָ באַמערקן אַז דער מאָדערנער לערער מיידנבערג איז אין אונדזער שטעטל געקומען ווי אַ געענדיקטער פון לערער־סעמינאַר אין ווילנע, ירושלים דליטא, און אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, איז ער שפּעטער געווען איינער פון די לערערס אין דער "תרבות"־גימנאַזיע אין בעלץ. פונעם דאָזיקן חדר זענען שפּעטער אַרויסגעקומען די יוגנט־פאַרבאַנדן "פרחי־ציון", "דוברי שפת עבר" און אַנד'.

כנגד ארבעה בנים — וועגן פיר תלמידים וויל איך דאָ דערמאָנען. ווען עס האָט זיך געעפנט די ערשטע קלאַס פון דער העברעישער "תרבות"־גימנאַזיע אין סאַראָקע, זענען די ערשטע פיר תלמידים געווען פון אונדזער שטעטל, יעדער מיט זיין אייגענעם צונאָמען, לויט דער באַשעפטיקונג פון די עלטערן אָדער משפחה־צושטאַנד:

דער ערשטער — משה דעם רב'ס. דאָס איז דאָך אונדזער חבר און פריינט אַדוואָקאַט משה שטערנבערג. היות ווי דער רב אַליין איז געווען באַליבט און געשעצט ביי אַלע אין שטעטל, האָט מען שוין נישט געהאַלטן פאַר נויטיק צו רופן דעם זון זיינעם ביים פאַמיליע־נאָמען.

דער צווייטער איז געווען דאָדיע ברוכס אָדער דודל דעם בוכהאַלטערס, אויפן נאָמען פון זיין פאָטער דער בוכהאַלטער און עילוי אין חשבון אין דעם גאַנצן שטעטל.

דער דריטער איז געווען חיים קלערלס, אויפן נאָמען פון זיין מוטער וואָס איז צוריקגעקומען ווי אַן אלמנה צו

אירע עלטערן נאָכן ערשטן וועלטקריג און רוסישער רעוואָ־לוציע.

דער פערטער איז געווען בערל דעם שליאָפּקע־מאַכערס (דער מחבר פון די שורות). מען האָט מיך אַזוי גערופן אויפן נאָמען פון מיין זיידן אברהם ז״ל, וואָס איז געווען אַ היטלמאַכער. אין זיין הויז האָב איך זיך דער־צויגן און פון דאַנען בין איך אַרויס לערנען תורה און דערווערבן וויסן. איך דערצייל די פּרטים, ווייל דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ ספּעציעלן אייגנאַרטיקן שטייגער: יעדן פרייטיק נאָכן לערנען האָבן מיר אַלע פיר דורכגעמאַכט אַ פוסמאַרש פון 12 ק״מ. דאָס איז געווען דער מרחק צווישן אונדזער שטעטל און סאַראָקע. מוצאי־שבת אָדער זונטיק אינדערפרי זענען מיר ווידער צופוס צוריקגעקומען (טיילמאָל מיט אַ וואָגן) צו די לימודים. אַזוי האָבן מיר זיך געפּירט כמעט אַלע יאָרן פון אונדזער לערנען אין דער קרייז־שטאָט סאַראָקע. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע האָבן אונדזערע וועגן זיך צעשיידט. דער ערשטער איז עולה־געווען קיין ארץ־ישראל, כדי צו לערנען אינעם העברעישן אוניווערסיטעט; דער צווייטער איז צוגעשטאַנען צו די עקסטרעמסטע קעג־נערס פון ציוניזם, און איז לסוף אומגעקומען אין דער שואה; דער דריטער איז אַוועק קיין אַמעריקע שטודירן און איז געוואָרן אַ תלמיד פון פּראָפ׳ איינשטיין; דער פערטער (דער מחבר פון די שורות), איז אַריינגעטראָטן אין ״החלוץ״ כדי עולה־זיין קיין ארץ־ישראל און עד היום פאַרעכנט ער זיך צווישן די ״מגשימים״, צווישן די וואָס זינגען ״אנו באנו ארצה לבנות ולהיבנות בה״. פּראָסט און פּשוט.

א זכרון־ליכט פאַר באָבע־זיידע פון מש־

פּחה קופּערמאַן. דעם זיידע האָט מען גערופן "אברהם דער שליאָפּקעמאַכער" און דער באָבען "רייזע אברהמס". פאַרוואָס? ווייל זיי זענען געווען באַליבט און אָנגענומען אינעם גאַנצן שטעטל אַלס אַרבעטנדיקע משפחה, אַ משפחה וואָס לעבט פון אייגענער אַרבעט און באַגייט זיך אָרנטלעך ביז גאָר מיט יעדן וואָס קומט מיט זיי אין האַנדלס־באַציונגען. יעדער "גוי" פון דער געגנט, וואָס האָט מיט זיי געהאַנדלט האָט באַלד באַקומען דעם פולסטן צוטרוי צו יעדעס וואָרט וואָס דער זיידע האָט געזאָגט, און צו די חש־בונות וואָס זיי האָבן דערנאָך מיט אים געפירט בלויז אויפן וואָרט. פאַר "דזשיפּוניע אַברום" זענען זיי גרייט געווען צו גיין אין פייער און אין וואַסער. דער זיידע איז געווען פון דעם סאָרט וואָס מען רופט אָן "עמך". ער האָט נישט גע־קענט לערנען, אָבער ער האָט ליב־געהאַט צו פאַרברענגען מיט יידן וואָס קענען לערנען. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געדאַוונט אין דער "שניידער־שול" אָבער שבת און יום־טוב האָט ער געפּלעגט דאַווענען אין דער "דייטשער־שול", כדי צו הערן די דרשה פון הרב לוי שטערנבערג ז"ל און צו הערן אים דאַווענען ביים עמוד. מיין טאַטע, יעקב שוחט ז"ל, איז אגב, געווען אַן אַ סטאַבילן אַרבעטס־פּלאַץ, מחמת די וואָס האָבן געהאַט "חזקה" אויף שחיטה האָבן נישט מוותר געווען. דעריבער האָבן מיר געוווינט אין דערפער ווו עט־לעכע צענטליק יידישע משפחות האָבן אויסגעהאַלטן די "כלי קודש" מיט איבערמענטשלעכע באַמיונגען, לויט דער בעס־טער טראַדיציע פון אחינו בני ישראל אין גלות. איך האָב זיך דעריבער דערצויגן אין הויז פון זיידע־באָבע, און פון דאָרט בין איך אַרויס לערנען שוין אין די יונגע יאָרן. מיט זעלטענער געדולד און ליבשאַפט האָבן מיינע זיידע־באָבע

זיך באַצויגן צו מיינע חברים און חברטעס וואָס פלעגן אָפּט מיך באַזוכן אין זייער הויז. זיי האָבן שטאַרק ליב־געהאַט יוגנטלעכע וואָס לערנען און לייענען. די באָבע פלעגט זייער אָפּט צוגרייטן פאַרשידענע מטעמים און געבעקס, וואָס זי אַליין האָט געבאַקן כדי מכבד צו זיין די חברים און חברטעס פון זייער באַליבט איייניקל. איבעריק צוצוגעבן, אַז ווען איך האָב געלערנט אין גימנאַזיע פלעגט זי מיר יעדע וואָך שיקן פעקלעך מיט כל־טוב פון וועלכע נישט בלויז איך, נאָר אויך מיינע חברים האָבן גענאָסן. די באָבע מיינע, וואָס האָט גע־שטראַלט מיט גוטהאַרציקייט און ליבשאַפט צו יעדן איינעם, האָט געהאַט עטלעכע "קניפּלעך", געלט וואָס זי האָט אָפּ־געשפּאָרט פון איר אייגענער קעשענע אָדער וואָס זי האָט "אַרויסגעשלעפּט" פון זיידנס טאַש, כדי צו געבן מענטשן אַ גמילת־חסד אָדער סתם אַ נדבה מתן בסתר. זי האָט, פאַר־שטייט זיך, געהאַט שטענדיקע בעלנים דערויף, קליענטן וואָס האָבן געוווּסט אַז אין אַ צייט פון בויט קען מען זיך צו איר ווענדן. די באָבע מיינע האָט ווירקלעך געהאַט אַן אָפן האַרץ און אַן אָפענע קעשענע פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקטן.

צוויי עפּיזאָדן האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

דער ערשטער: ל"ג בעומר פון יאָר תרפ"ז האָט דער זיידע מיט זיין וואָגן מיך באַגלייט צו דער פערמע פון "החלוץ" אין ביליטשאַני, אין שכנות פון דער קרייז־שטאָט בעלץ. דער זיידע געהאַט פערד־און־וואָגן מיט וועלכן ער פלעגט פאָרן מיט זיין אויסגעפאַרטיקטער סחורה אין די שטעטלעך, אין וועלכע עס זענען פאָרגעקומען די יאַרידן. אויפן וועג פון אַן ערך 40 ק"מ, וואָס האָט אָבער געדויערט אַ שיינע פאָר שעה, האָט דער זיידע מיך געפּרוּווט איבער־צייגן איך זאָל אויף זיין חשבון אַרויספאָרן לערנען אין

העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, געגוי ווי מיין חבר משה, דעם רב׳ס זון האָט דאָס געטאָן, אַבי זיין אייניקל וואָס האָט נאָרוואָס פאַרלאָזט די שול־באַנק זאָל נישט אָנהייבן אַזוי יונג אַ שווערע פיזישע אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע זיינע רייד האָבן נישט געהאָלפן — איר זעט דאָך! און דאָ קומט דער צווייטער עפּיזאָד: דריטהאַלבן יאָר שפּעטער, אין חשוון תרפ״ט (20.11.29) האָבן מיר, מיין פרוי טאָבע און איך, זוכה־געווען, דער זיידע זאָל ווידער איינשפּאַנען זיין ״קאַרעטע״ און אונדז אָפּפירן פונעם שטעטל צו דער באַן־סטאַציע אין מאַרקולעשט, כדי פון דאָרט אַרויספאָרן מיט דער באַן קיין קאָנסטאַנץ און פון דאָרט מיט דער שיף ״סינאַיאַ״ אויף אונדזער וועג קיין ארץ־ישראל. איך געדענק גוט, אַז ווען עס איז געקומען אַ באַרג אַדער בערגל פלעגט דער זיידע אַראָפּגיין פונעם וואָגן, כדי צו פאַרלייכטערן אַביסל דעם פערד אין זיין מלאכה. פון מאָל צו מאָל פלעגט ער אָפּווישן אַ טרער — טרערן פון פרייד און פון צער: פרייד — וואָס ער האָט זוכה־געווען צו באַגלייטן זיין ערשט געהייראַט אייניקל וואָס איז עולה קיין ציון; צער — מחמת צעשייד, וואָס ער וועט מיך מער נישט זען. און באמת — נישט ער און נישט די באָבע מיינע האָבן זוכה־געווען צו זעען דעם ״עם רב״, קיין עין־הרע, זייערע קינדער און קינדס־קינדער וואָס זענען צווישן די וואָס האָבן געבויט דאָס לאַנד, צווישן די אויפשטעלער פון דער מדינה וואָס האָבן זי באַשיצט מיט זייער בלוט און לעבנס, וואָס לעבן פון זייער אייגענער אַרבעט און פיל פון זיי וואָס לערנען און ענדיקן אוניווערסיטעטן אין ישראל, געגוי ווי דער זיידע האָט גע־וואָלט און פאַרלאַנגט פון מיר, זיין ערשט אייניקל...

דער אומקום וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק איז

פאַרבייגעגאַנגען פאַר די אויגן פון זיידע־באַבע, און אין חודש חשוון 1941 זענען זיי נפטר־געוואָרן, איינער נאָכן אַנדערן. זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אויפן בית־הקברות פון געטאָ טשערנאָוויץ, וואוהין זיי זענען אַריבער־געבראַכט געוואָרן פאַרן אַנהייב פון דער שואה.

גוטע, כשרע און תמימותדיקע יידן זענען זיי געווען, מיין זיידע און באָבע, פרומע, טראַדיציאָנעלע יידן וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט אויף פרנסה און געגלייבט באמונה שלימה אַז תורה און עבודה איז ווי לופט צום אָטעמען, דער יסוד פון אונדזער לעבן, און דעם דאָזיקן גלויבן האָבן זיי אויך איינגעפלאַנצט אין מיין האַרץ, אין האַרץ פון זייער אייניקל.

באַמערקונג פון רעדאַקטאָר:

זונטיק, א׳ ראש־חודש כסליו (25סטער נאָוועמבער 1973), איז אין אונדזער הויז פאָרגעקומען די זיצונג פון ״ועד יוצאי דוֹמברוֹבאַן״ אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצו־געבן דאָס יזכור־בוך אין דרוק. דב מישאלי ז״ל, וואָס האָט זיך באַמיט און געקומען צו דער זיצונג פון זיין דאָרף, כפר בילו, האָט אונדז אַלע באַצויבערט מיט זיין לויטערקייט, פרישקייט און ליבהאַרציקייט. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר אויך איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט פון זיין פאַרציי־כענונג, וואָס מיר ברענגען דאָ. נישט ער און נישט מיר, האָבן דערביי געוווּסט, אַז דאָס זענען זיינע לעצטע שורות וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אין דרוק, און אַז דאָס איז אונדזער לעצטע באַגעגעניש מיט אים. אין דער נאַכט אויף דאָנער־שטיק, ט״ו בשבט תשל״ד (7טער פעברואַר 1974), האָט ער אָפּגעגעבן זיין נשמה דעם בורא.

זיין געשטאַלט איז איינגעקריצט אין מיין הארץ און זכרון נאָך פון מיין יוגנט. אַ זיידענער יונגערמאַן מיט אַ קלאָר אויג און קלאָרע מחשבה איז ער געווען. ער האָט געשפרודלט מיט ענערגיע, וואָרעמקייט און האַרציקייט, גלויבן אין גוטס און אין אַדעליקייט אינעם לעבן און איז געווען פול מיט התלהבות צום געדאַנק פון אַרבעט בכלל און חלוצישן געדאַנק פון ישוב הארץ בפרט. דער חלוציזם אין העכסטן און ריינסטן זין פון דאַזיקן באַגריף, איז געווען פאַר אים אַ הייליק געבאָט. אַן דעם, און אפילו ווען עס איז בלויז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער חלוצישער ברען אויף אַלע פראָנטן פון אונדזער לעבן, האָט ער דאָס באַטראַכט ווי אַן אָפּלייקענונג פאַרן עצם קיום און געפאַר פאַר אונדזער צוקונפט אין לאַנד. ביזן לעצטן טאָג זיינעם האָט ער געלעבט און געווירקט אין גייסט פון דער לערע פון זיין רבין, א. ד. גאָרדאָן.

*

בעת אָט דער לעצטער באַגעגעניש מיט אים אין אונדזער הויז האָט ער מיר מיט פרייד דערציילט אַז איצט, נאָך דעם ווי ער איז איז דערגאַנגען דעם פענסיע־עלטער, האָט ער זיך פאַרשריבן אַלס סטודענט אינעם בר־אילן־אוניווערסיטעט. ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט זאָגן: איצט, נאָכן פאַרענדיקן די ששת ימי המעשה איז געקומען די צייט אויפן שבת פון זיין לעבן, זיין לעבנס־חלום צו פאַרטיפערן, פאַרברייטערן און באַרייכערן דעם אוצר פון זיין וויסן. ער האָט דאָס שוין אָבער נישט דערלעבט. דער אכזריותדיקער טויט האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע זיינע פּלענער און חלומות. זאָל געבענטשט זיין זיין אָנדענק!

דוד אַקסנפעלד (פרדס־חנה)

## זכרונות פון אונדזער היים

דאָס ערשטע געשעעניש וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון אַלס קינד, איז געווען ווען עס איז אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלטקריג. דער פאַרלויף פון די געשעענישן איז באַקאַנט: מאָרד איבערן עסטרייך־אונגאַרישן טראָנפאָל־גער, גרויספירשט פערדינאַנד מיט זיין פרוי אין סאַראַיעוואָ, באָשניע, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך אַ סערבישן נאַציאָנאַליסט, דעם 28טן יוני 1914; עסטרייכישער אולטי־מאַטום צו סערביע און מלחמה־דערקלערונג וואָס האָט גע־בראַכט צו אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע אין רוסלאַנד. ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די מאָביליזאַציע האָבן די גויים פון אַלע אַרומיקע דערפער אָנגעהויבן שטראָמען צום מאָבי־ליזאַציע־פּונקט אינעם דאָרף, אין שכנות פון דער קרייז־שטאָט סאָראָקע. אַן אימה און פּחד איז באַפאַלן אחינו בני ישראל אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון בעסאַראַביע, און אויך אין אונדזער שטעטל. אַ גרויסער טייל יידן ביי אונדז האָבן געמאַכט גרויסע באַמיונגען כדי נישט צו מאָביליזירן זיך, זיי האָבן אפילו נישט אָפּגעהאַלטן זיך פון מאַכן אַ פיזישן פעלער אין זייער גוף. איך געדענק גוט, אַז שבועות 1915 אין אונדזער שטעטל אַרומגערינגלט געוואָרן דורך רוסישע זשאַנדאַרן וואָס האָבן געזוכט דעזערטירן. דער רוב איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די תבואה־פעלדער וואָס זענען יענעם יאָר הויך געוואָקסן. די וואָס זענען גע־כאַפּט און אַרעסטירט געוואָרן זענען דערנאָך באַפרייט גע־וואָרן מיט שוחד. פאַרנאַכט, נאָכן פאַרענדיקן דאָס געיעג און

די רעוויזיעס, האָבן די זשאַנדאַרן פאַרלאָזט דאָס שטעטל מיט איין דעזערטיר — דעם שטאָט־משוגענעם, וואָס איז שוין טאַקע נישט צוריקגעקומען פון דאָזיקן אַרעסט!

דער פחד פאַר פּאָגראָמען וואָס האָט אַרומגענומען דאָס בעסאַראַבישע יידנטום זינט דעם אָנהייב פון דער רעוואָלוציע, האָט אויך נישט איבערהיפּערט אונדזער שטעטל. איך געדענק ווי אין אַ געוויסן מוצאי־שבת האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטעטל אַ צענטליק קאָזאַקן, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווילדעווען. מיט כוח האָבן זיי אַרויסגענומען דעם שוחט אליעזר דעכטיאַר און אים באַפוילן ער זאָל זיי פירן צום הויז פון אייזיק שוסטער. אויפן וועג האָבן זיי געשאָסן אין אַלע ריכטונגען און פאַרוואונדעט ר׳ משה־מלכן אין בויך און ר׳ אידל בראָנשטיין אין האַנט. נאָכן דאָזיקן פאַל האָט מען באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ זעלבשוץ. עטלעכע צענטליק ביקסן מיט קוילן זענען איינגעקויפט געוואָרן ביי זעלנער וואָס זענען אַנטלאָפן פון פראָנט. אין איינעם אַ טאָג איז מען געקומען און דערציילט מיין טאַטן, וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער זעלבשוץ, אַז אינעם נאָענטן יאַריד־טאָג וואָס פלעגט בדרך־כלל פאָרקומען דינסטיק, גרייטן זיך די פויערים פון דער געגנט צו מאַכן אַ פּאָגראָם. אינעם זעלבן טאָג זענען עטלעכע יוגנטלעכע אויעקגעשטעלט געוואָרן אַרום דעם ״יאַר״ (קאַנאַל וואָס איז דורכגעגאַנגען אינמיטן דעם שטעטל), באַוואָפנט מיט ביקסן, און ווען די פויערים זענען אַריינגעפאָרן אין שטעטל האָבן זיי עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן, די פויערים האָבן זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן אין אַלע זייטן. זינט דעמאָלט, און אַזוי ביז רומעניע האָט פאַרנומען בעסאַראַביע, איז שוין געווען שטיל אינעם שטעטל.

אין די צייטן פון די רוסישע פּאָגראָמען וואָס זענען אַר־

גאַניזירט געוואָרן דורך די הײדאַמאַקעס אין שפּיץ מיט פּעטליורע און דעניקין (1918/1920), האָבן ייִדן אין אוק־ראַיִנע אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַנטלויף. טויזנטער משפּחות זענען אויפגענומען געוואָרן אין אַלע שטעטלעך ביים דניעסטער, דערונטער אויך ביי אונדז אין שטעטל. די פּליטים זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אָפענע אָרעמס און זענען איינגע־אָרדנט געוואָרן אין צענטליקער הייזער. אין אונדזער שטעטל האָבן זיי פאַרברענגט עטלעכע חדשים, און דערנאָך פאַר־געזעצט זייערע וואַנדערונגען אָדער קיין בעסאַראַביע אָדער קיין אַמעריקע, קאַנאַדע און אַנדערע ערטער.

אין יענע טעג איז אין אונדזער שטעטל אַנטשטאַנען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון "החלוץ". גרופּעס יוגנטלעכע פון אוקראַיִנע זענען אָנגעקומען אין אונדזער שטעטל. זיי האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע פעלד־אַרבעטן און האָבן זיך צו־געגרייט צו דער עליה קיין ארץ־ישראל.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע זענען קיין בעסאַראַביע אָנגעקומען חשובע שליחים, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך די גרויסע בשורה. אין איינעם אַ טאָג איז דערגאַנגען די ידיעה אַז קיין סאָראָקע דאַרף אָנקומען אַ וויכטיקע דע־לעגאַציע: זאב טיאָמקין, חיים גרינבערג און ד"ר שוואַרצ־מאַן. די ייִדן אין סאָראָקע האָבן באַשלאָסן זיי מאַכן אַ וואַרעמען קבלת־פּנים. תלמידים פון דער "תרבות"־גימנאַזיע און יוגנט־גרופּעס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף איינע פון די צענטראַלע גאַסן און האָבן געוואַרט אויף די געסט. די רומענישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן דערויף געקוקט מיט אַ בייז אויג, און ווען די דעלעגאַציע־מיטגלידער זענען אָנגע־קומען אינעם דאָרף ציפּילאָווא, זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן. ווען דער רב האָט זיך דאָס דערוווּסט איז ער, הרב שטערנ־

בערג, אַרויס צוזאַמען מיט מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער ר׳ אברהמל אקסנפעלד אין אַ בריטשקע מיט פופציק רייטער, כדי די געסט מקבל־פנים־זיין. די מאַכט־אָרגאַנען זענען אַנט־קעגנגעקומען זייער ביטע און די דעלעגאַציע־מיטגלידער האָבן אַ גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט ביי אונדז אין שטעטל. איבעריק צו דערציילן ווי גרויס עס איז געווען די פרייד פון אונדזערע יידן אויפצונעמען אַזאַ חשובע דעלעגאַציע וואָס האָט מיט זיך געבראַכט די גרויסע בשורה פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. צומאָרגנס זענען די דעלעגאַציע־מיטגלידער אַנגעקומען קיין סאַראָקע. זיי האָבן באַזוכט די ״תרבות״־גימנאַזיע און אַ ריי אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס און זיך באַגעגנט מיט יידישע פאַרשטייער פון אַלע שטעט.

די יוגנט אין דאָמבראָווען איז געווען אָרגאַניזירט אין צוויי באַוועגונגען — לינקע (״קולטור־ליגע״) און ציוניסטיש־רעכטע (״גורדוניה״). דער רוב פון דער יוגנט איז געווען אַ קולטורעלע, פלייסיק־אַרבעטנדיקע און שטודירנדיקע יוגנט, וואָס זאָם צו אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען. די יוגנט־באַוועגונג ״גורדוניה״ האָט אירע חברים דערצויגן צו זעלבסטפאַרווירק־לעכונג און עליה. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן ראַיאָן־ און קרייז־צוזאַמענפאָרן, און צייטנווייז האָבן די צוזאַמענקומפטן זיך געפירט אין העברעיש. די יוגנט האָט אויך געהאַט אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק מיט ביכער אין העברעיש, יידיש, רוסיש און רומעניש.

אויך די דערוואַקסענע האָבן געזאָרגט פאַר דער אָרגאַ־ניזאַציע פונעם עפנטלעכע לעבן און האָבן געגרינדעט אַ ליי־קאַסע, אַ בית־מרחץ און אויפגעשטעלט פינף בתי־כנסת לויט די באַזונדערע שטאַנדן: 1) ״דאָס קלייזל״ אין שפּיץ מיט ר׳ יודל בראַנשטיין; 2) ״די קלויז״ אין שפּיץ מיט ר׳ אהרון

זיגלבוים, ר׳ חיים קאַרנבליט און ר׳ שלום עלגורט; 3) ״די שול״ אין שפּיץ מיט ישעיה פלײשער, תנחום װאַרעטע און דודל באַלשעװיק; 4) די ״דײטשע שול״ מיטן רב, הרב ר׳ לוי שטערנבערג, ר׳ אברהם אקסנפעלד, ר׳ בערל דימיטשטײן און ר׳ יחיאל פּינטשעװסקי; 5) די ״שנײדערישע שול״ מיט ר׳ אורצי שנײדער און זײן זון משה.

אויך זענען אויפגעשטעלט געװאָרן חברות צו העלפן אָרעמעלײט און אַ תלמוד־תורה װוּ עס האָבן געלערנט אָן געלט, אָרעמע קינדער װאָס האָבן דאָרט אויך באַקומען יעדן אינדערפרי װאַרעם עסן. אויפן הויף פון דער תלמוד־תורה איז אויסגעגראָבן געװאָרן אַ טיפער גרוב (״לידאָװוני״), װאָס איז װינטער אָנגעפולט געװאָרן מיט שטיקער אײז װאָס מען האָט געבראַכט פון די געפרוירענע טײכן. דער גרוב איז באַדעקט געװאָרן מיט אַ שטרויענעם דאַך און אַזױ אַרום איז אויפגעהיטן געװאָרן דאָס אײז אויף זומער, כדי צו האָבן עס אויף אַ רפואה פאַר קראַנקע מיט הויכע היץ. אינעם שטעטל זענען אויך געװען אַ פעלדשער, אַ דאָקטער און אַן אַפּטײק. דער דאָקטער, װאָס איז געשטיצט געװאָרן דורך דער ײדישער קהילה, האָט געגעבן מעדיצינישע הילף אויך פאַר עטלעכע הונדערט פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. כדאי צו דערמאָנען נאָך אַ װיכטיקע אָרגאַניזאַציע — דעם ״פרויען־פאַרבאַנד״ אין װעמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען פרוי האָכבערג, זוסמאַן און דינה אקסנפעלד. זײן הויפּטציל איז געװען צו געבן הילף פאַר אָרעמע, און קינדער־רײכע פאַמיליעס, װי אויך פאַר הכנסת־כלה, חתונה־מאַכן אָרעמע מײדלעך, יתומות, קאַליקעס, זײ געבן אַ נדן און חתונה־אויסגאַבן. אַזױ האָבן די פרויען אין שטעטל מיט זײער גאַנצן װעזן מקיים־געװען די גרויסע מצװה פון ״הכנסת־כלה, װאָס איז

לויטן רמב"ם אַ טייל פון דער מצווה "ואהבת לרעך כמוך".
איך קען דאָס בינטל זכרונות נישט פאַרענדיקן אָן צו דערמאָנען, כאָטש אין געציילטע שורות, דאָס געשעצטע געשטאַלט פון הרב לוי שטערנבערג זצ"ל. מיין פאָטער איז געווען צווישן זיינע בני־בית, ער האָט געהערט צו זיינע נאָענטסטע פריינט און אין בית־כנסת איז ער געזעסן ביי זיין רעכטער זייט. אַזוי אַרום האָב איך געהאָט אַ גוטע געלעגנהייט אים צו באַקענען פון דער נאָענט. אַ קלוגער און האַרציקער מענטש איז ער געווען, אונדזער רב. מיט יעדן געזעלשאַפטלעכן, גרויסן אָדער קליינעם ענין אין שטעטל האָט ער זיך מטפל־געווען מיט ליבשאַפט, איבערגעגעבנקייט און חן. אַן ענטוזיאַסטישער ציוניסט, אַ רעדנער בחסד עליון און אַ טרייער פאַסטעך פאַר זיין עדה איז ער געווען. דער גורל פון זיין עדה איז אויך געווען זיין גורל. אין די טעג פון דער שואה איז ער געשטאָרבן ערגעץ־ווו אין די רוסישע סטעפּעס.

שושנה־ראָזע אַקסנפעלד־גרינבערג (חיפה)

## אַ בינטל זכרונות

מיין זיידע ר' יעקב אַקסנפעלד, פון די ערשטע וואָס האָבן זיך באַזעצט אינעם שטעטל, איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ חריף און אַ דרייסטער מענטש. איך געדענק גוט ווי אַמאָל זענען געקומען אין שטעטל קאָזאַקן צו מאַכן אַ פּאָגראָם, דער זיידע האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. ער האָט זיך אַוועקגע־

שטעלט ביי זיין הויז מיט אַ האַק אין האַנט, כדי צו פאַר־טיידיקן זיך קעגן די איבערפאַלער. די קאָזאַקן זענען לסוף פאַרביי דורכן שטעטל און קיינעם נישט געטשעפּעט. אַלע ווינע דריי זין — זלמן, מיין פאָטער אברהם און נפתלי, האָט דער זיידע דערצויגן צו גאָט און צו לייט.

מיין פאָטער אברהם איז געווען אַ הויכער שטאַלצער ייד, אַ געזונטער און שיינער מאַן. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט די לימודים ביי די בעסטע מלמדים, נאָר האָט זיך אַליין געלערנט רוסיש און דייטש; ער האָט גוט געקענט העב־רעיש און איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער ציוניסט פון קינד־וויז אָן. ער האָט חתונה־געהאַט מיט מיין מוטער לאה, פון דער היים דריינבערג, און אויפגעשטעלט אַ שיינע משפחה און פיין הויז. זיי האָבן געהאַט פינף קינדער. צו אונדזער ווייטיק איז די מאַמע געשטאָרבן יונג, און דער פאָטער האָט נאָכאַמאָל חתונה־געהאַט. כאָטש אַ שטיפמאַמע, האָט זי אונדז קינדער, באַהאַנדלט מיט אַ סך פאַרשטאַנד, צאַרטקייט און ליבשאַפט. מיר אַלע האָבן זי ליב געהאַט און שטאַרק געשעצט.

מיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אַ סך באָדן און באַאַרבעט טויזנטער דונאָם. אונדזער גרויס און שיין הויז פון אַכט צימערן האָט טאָג און נאַכט גערוישט און געקאָכט פון די אַרבעטער, וואָס זענען יעדן אינדערפרי אַרויס צו זייער טאָג־אַרבעט. אינמיטן הויף איז געשטאַנען אַ ברונעם וואַסער, פון וועלכן עס האָבן געשעפּט אַלע שכנים. צוליב זיין אַרבעט און געזעלשאַפטלעכע ענינים פלעגט דער טאַטע אַרויספאָרן אין וועג אין אַ שיינער בריטשקע, איינגעשפּאַנט אין צוויי שוואַרצע פערד מיט אַ ספּעציעלן אָנטרייבער, פישל איז געווען זיין נאָמען. פישל האָט ביי אונדז געאַרבעט עטלעכע

צענטליק יאָר, ער איז געווען אַ בן־בית און מיר אַלע האָבן אים ליב געהאַט.

מיין פאָטער האָט זיך באַמיט צו דערציען די קינדער אין אַ טראַדיציאָנעל־יידישן גייסט, און זיי אויך געגעבן אַלגעמיינע בילדונג אין די גימנאַזיעס אין אַדעס, סאָראָקע און בעלץ.

הגם ער איז געווען פאַרנומען און פאַרקאָכט אין זיינע געשעפטן, האָט ער אויך עוסק־געווען אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זייער אָפט פלעגט ער פאַרלאָזן זיינע געשעפטן, כדי עוסק־זיין אין צרכי ציבור, אָנהייבנדיק פון זיין טעטי־קייט אין דער חברה "תומכי עניים", תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער, קמחא דפסחא, מתן בסתר פאַר יעדן נויט־באַדערפטיקטן, ביז זיין אומבאַגרענעצטע זאָרג פאַר דער "דייטשער שול", ווו ער איז געווען גבאי. אונדזער הויז איז געווען אַן אָפן הויז. דער טאַטע איז געווען אַ גוטער בעל־יועץ פאַר יעדן איינעם, אָרעמען אָדער רייכן, סיי בנוגע פריוואַטע סיי בנוגע געזעלשאַפטלעכע ענינים.

מיין פאָטער און מיין מוטער ווי אויך מיין גאַנצע פאַר־צווייגטע משפחה איז פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער שטעטל. אויפן וועג פון זייערע וואַנדערונגען זענען זיי געשטאָרבן, און אפילו צו קבר ישראל נישט געקומען. דעם טאַטנס שיין און ברווחדיק הויז איז חרוב געוואָרן. אונדזערע עלטערן און אַלע אונדזערע טייערע זענען אומגעקומען דורך כלערליי מיתות משונות. אונדזער קליין שטעטל, ווו מיר האָבן דער־זען די שיין פון דער וועלט, איז צעשטערט געוואָרן ביזן גרונט, איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון זיינע יידן — גוטע תמימותדיקע יידן וואָס האָבן געאַקערט, געזייט און געשניטן אין די פעלדער פון בעסאַראַביע, בעת פאַר זייערע אויגן האָבן זיי געהאַט דעם טרוים פון ציון.

יחיאל קאָרנבליט (כפר־סבא)

## וועגן מיינע עלטערן און וועגן מיין עליה

מיין פאָטער נחום איז געבוירן אין דאָמבראָווען ביי מיין זיידן ר׳ יעקב קאָרנבליט. מיין מאַמע פייגע איז געבוירן אין מאָהילעוו, אוקראַינע. אַכט קינדער האָבן זיי געהאַט, זעקס זין און צוויי טעכטער. געבליבן לעבן זענען בלויז דריי זין און איין טאָכטער.

מיין פאָטער האָט אין דאָמבראָווען געהאַט אַ ברודער און אַ שוועסטער, ביילע וואַסערמאַן, איר מאַן, סענדער, איז דער־הרגעט געוואָרן ווען ער איז אַהיימגעפאָרן פון אַ מסחר מחוץ דער שטאָט. מיין מומע ביילע איז געבליבן אַן אלמנה, מיט אַ זון און צוויי טעכטער. זי איז געווען אַ מוסטערהאַפטע סוחרטע, זי האָט געהאַנדלט מיט די גויים מיט שכל און פאַרשטאַנד, און האָט געגעבן אירע קינדער אַ פיינע דערציונג.

מיינע עלטערן זענען געווען לאַנדווירטן — זייער הויפּט־פרנסה איז געווען פלאַנטאַציעס פון זון־בלומען און טאַבאַק. מיין מאַמע איז געווען אַ קלוגע פרוי, אַ שיינע און אַן ענערגישע, און געהאַט גרויס השפעה אויף דער שטוב און אויף דער דערציונג פון די קינדער. נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שול אין שטעטל האָבן די קינדער פאַרגעזעצט די לימודים אין דער העברעישער גימנאַזיע אין סאָראָקע און אין מאַר־קולעשט. יעדע וואָך פלעגט די מוטער שיקן דורך משהלע דעם באַלעגאָלע פאַר די קינדער פעקלעך שפּייז מיט כל־טוב.

די יידן אין שטעטל וואָס פלעגן זיך באַשעפטיקן מיט פלאַנצן טאַבאַק פלעגן זייער סחורה אָפּעקפירן צו דער באַן־סטאַציע אין פלאָרעשט, און נישט איינמאָל זענען זיי

באַפאַלן רויבערס און צוגענומען ביי זיי דאָס געלט. יידן האָבן זיך אָבער אַן עצה געגעבן און אַרויס אין וועג בחבורותא, און אַז זיי זענען אָנגעקומען צום וואַלד פון וואַדיעני, האָבן זיי אָנגעהויבן זינגען. דאָס האָט געהאָלפן, און די רויבערייען זענען געוואָרן ווייניקער.

געווען אַ מעשה מיט אַ הויכן און דרייסטן ייד, מענדל דיין. זיין הויפּט־פּרנסה איז געווען האַנדל אין די דערפער. אין אַ שיינעם טאָג, ווען ער איז צוריקגעפאָרן אַהיים מיטן פּדיון, זענען אים באַפאַלן צוויי רויבערס. מענדל האָט נישט פאַרלוירן זיך און מיטן הענטל פון אַ סערפּ וואָס ער האָט גראָד געהאַט אונטער דער האַנט, האָט ער זיך אַן עצה געגעבן מיט די וואָס האָבן אים געוואָלט הרגענען. אַ פאַרוואונדעטער און פאַרבלוטיקטער האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אינעם וואָגן, און דאָס פערד האָט אים אַליין אָפּגעפירט דירעקט אַהיים. מענדל דיין איז געווען דאַנקבאַר זיין פערד וואָס האָט אים אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. ווען דאָס פערד איז געפּגרט, האָט ער עס באַגראָבן אין אַ קבר, אויסגעגראָבן אויף זיין הויף.

מיין עליה קיין ארץ־ישראל איז געווען נאָך דעם ווי אין אונדזער שטעטל, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס לאַנדווירטשאַפטלעכער ישוב, האָבן זיך באַוויזן די שליחים פון "התאחדות האיכרים" אין ארץ־ישראל, סיטקאָוו און סמילאַנסקי. זייער ציל איז געווען מעורר צו זיין יונגע לאַנדווירטן און משפּחות מיט אַ סך קינדער עולה־צו־זיין קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך קודם־כל געווענדעט צום רב וואָס איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַ באַגייסטערטער ציוניסט, און זיי האָבן ביי אים געבעטן הילף. אַן ערך דרייסיק יונגעלייט, און איך דער איינציקער נישט געהייראַטער, זענען דערשינען

פאַר דער קאָמיסיע. איך בין, דאַכט זיך, אָנגענומען געוואָרן אַלס עליה־קאַנדידאַט אַדאַנק מיין רויקע און באַשיידענע האַלטונג, און באַזונדערס צוליב דעם וואָס איך האָב זיך פרייוויליק געמאָלדן די דעלעגאַציע צו באַגלייטן קיין סאָ־ראָקע. מעשה שהיה כך היה:

עס איז געווען אַ ווינטערדיקער טאָג. אַ שטאַרקער שניי האָט אַלץ באַדעקט. ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון שטעטל איז אונדזער אויטאָבוס פאַרזינקען אין בערג שניי, נישט צום רירן פון אָרט. איך בין נישט אַראָפּ פון מוט און געהייסן וואַרטן. איך בין צופוס צוריקגעגאַנגען אין שטעטל, אַרויס־גענומען פון שטאָל אַ פערד און מיט אים אַרויסגעשלעפּט דעם אויטאָבוס פון שניי. ווען מען האָט מיך געפרעגט וואָס וועט איצט זיין מיטן פערד, האָב איך געענטפערט אַז ער קען גוט דעם וועג און ער וועט אַליין טרעפן אַהיים. איך האָב טאַקע קיין טעות נישט געהאַט. ווען איך בין אַהיים געקומען איז דאָס פערד רויק געשטאַנען אין שטאַל. ביים געזעגענען זיך מיט די דעלעגאַציע־מיטגלידער האָב איך זיי נאָכאַמאָל דערמאָנט מיין נאָמען, זיי ווידעראַמאָל דערציילט וועגן מיין שטרעבונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אַ סערטיפיקאַט.

איך בין געפאָרן קיין ארץ־ישראל און מיין הויז געבויט אין כפר־סבא. איך האָב געהייראַט, אויך מיין פרוי איז אַ בעסאַראַבישע, און איך זעץ פאָר די טראַדיציע פון מיינע עלטערן און פון מיין שטעטל — איך בין אַ לאַנדווירט. מיר האָבן דאָ געבוירן צוויי זין און אַ טאָכטער. אַלע האָבן באַקומען הויכע בילדונג, און איינער פון זיי (ישעיהו קורן) איז אַ שרייבער. ער האָט פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין

עטלעכע צייטשריפטן אין לאַנד און אַ באַנד דערציילונגען מיטן נאָמען „מכתב בחולות".

מיינע צוויי ברידער, יעקב און שייקע, זענען ניצול־געוואָרן פון אומקום. יעקב איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק, און שייקע לעבט אין סאָראָקע.

ברוך (בוזי) ראַבינאָוויטש (רעננה)

## מיין פאָטערס הויז

איך בין געבוירן אין יאָר 1905 אין דאָמבראָוועץ, ביי מיינע עלטערן יששכר און טאָבע ראַבינאָוויטש ז"ל. מיינע עלטערן זענען געווען לאַנדווירטן, דער צווייטער דור אין שטעטל. מיין זיידע פון טאַטנס צד, יוסף ראַבינאָוויטש, איז געווען אַן ערד־באַזיצער און האָט אויך באַאַרבעט אַ סך ערד וואָס ער האָט געדונגען ביי די פּויערים אין דער געגנט. מיין זיידע איז געקומען אין שטעטל אויף די עלטערע יאָרן, און ווען ער האָט שוין נישט געקענט אַרבעטן האָט ער גענאָסן פון דער פלייסיקייט און איבערגעגעבנקייט פון זיין זון יששכר, וואָס איז אויך געווען אַן ערד־אַרבעטער און ערד־ליבהאָבער פון זיין פריעסטער יוגנט אָן.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט פיר קינדער, צוויי זין און צוויי טעכטער. איינער פון די זין, צבי (הביב) איז עולה־געווען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין חבר דב ראָזמאַן פונעם שכנותדיקן דאָרף וואַדעני, וועלכער איז דערהרגעט

געוואָרן אין חדרה, קורץ נאָך זיין עליה. דער פאַרשטאָר־בענער צבי האָט געהערט צו די גרינדער פון כפר־יהושע. ער האָט אויפגעשטעלט אַ מוסטערהאַפטע ווירטשאַפט און זיינע קינדער זעצן פאָר די לאַנד־אַרבעט אינעם מושב. דער צווייטער זון, דער מחבר פון די שורות, געהערט צו די גרינדער פון רעננה, איז עוסק אין לאַנד־אַרבעט און אין לאַנדווירטשאַפטלעכער פראָדוקציע. די טאָכטער מלכה, פון די גרינדער פון תמרה (רמת צבי), אַ מושב־עובדים אין גליל־התחתון, צפון־מזרחדיק פון עין־חרוד, איז ממשיך אויך נאָכן טויט פון איר מאַן חנוך איידלמאַן די לאַנדווירטשאַפט. אַלע דריי האָבן אין לאַנד אויפגעשטעלט פאַרצווייגטע משפּחות וואָס זענען ממשיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע טראַדיציע פון זייערע אבות. די טאָכטער חנה און איר מאַן מוני אַבראַמאָוויטש, דער זון פון שרייבער און דירעקטאָר פון דער פאָלקסשולע אין שטעטל, האָבן נישט זוכה־געווען עולה צו זיין און זענען אומגעקומען אין דער שואה.

אונדזער משפּחה איז געווען אַ ציוניסטישע און האָט פיל געלייסטעט לטובת ארץ־ישראל. מיין פאָטער האָט באַזוכט דאָס לאַנד אָבער נישט באַוויזן זיך דאָ צו באַזעצן. מיין מוטער איז יאָ עולה־געווען, און איז נפטר־געוואָרן דאָ אין לאַנד.

נאָכן ערשטן וועלטקריג ווען עס האָט זיך געשטאַרקט דער פּליטים־שטראָם פון אוקראַינע, פּליטים וואָס זענען אַנטלאָפן אין פּחד פאַר פּעטליורע און דעניקין, זענען צו אונדז געהאָט געקומען פיל משפּחות וואָס האָבן געגנבעט די גרענעץ, זענען אַריבער דעם דניעסטער און האָבן ביי אונדז געפונען שוץ. די משפּחות זענען צעטיילט געוואָרן צווישן די פאַרמעגלעכע משפּחות וואָס האָבן זיי געגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן

באַדאַרפט. אויך זענען אויפגעשטעלט געוואָרן עפנטלעכע קיכן און עס זענען צעטיילט געוואָרן שפּייז פאַר די נויט־באַדערפטיקטע. יעדן פרייטיק פלעג איך, צוזאַמען מיט נאָך חברים, גיין איבער די פאַרמעגלעכע הייזער זאַמלען ברויט פאַר די פּליטים וואָס זענען נישט געווען איינגעאָרדנט ביי פאַרמעגלעכע משפחות.

אונדזער שטעטל איז געווען אַ הכשרה־פּלאַץ פאַר חלוצים, וואָס זענען געקומען פון אוקראַינע. אין מיין עלטערנס הויז, געבוי ווי ביי אַנדערע לאַנדווירטן, האָבן אַ סך חלוצים באַקומען זייער הכשרה פאַר זייער עליה. מיט צער, ווייטיק און בענקשאַפט געדענק איך מיין שטעטל אין וועלכן עס האָבן געלעבט און געהאָרעוועט אין משך פון דורות ידישע ערד־אַרבעטער בלב ובנפש.

יקותיאל בלובשטיין (חיפה)

## די משפחה בלובשטיין

מיין זיידע, ר׳ יעקב בלובשטיין ז״ל, איז געווען אַ גע־בוירענער אין אוקראַינע. זיין משפחה האָט ער אויפגעשטעלט אין דאָמבראָווען און געלערנט מיט יידישע קינדער תורה. דעם שכר־לימוד (״שכר בטלה״) וואָס ער האָט באַקומען פון די באַלעבאַטים, האָט קוים בדוחק געסטייעט פאַר דער באַ־שפּייזונג פון הויז. ער האָט אַלע יאָרן געלעבט אין נויט, הגם אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט קולטיווירן טאַבאַק.

מיין זיידע האָט געהאַט אַ "בעלפער", וואָס האָט געהייסן משה. אַ ברייטפּלייציקער, אַ געזונטער און פעסטער בחור, אָבער אַביסל גערירט אויפן קאָפּ. אויף זיינע ברייטע פּלייצעס האָט אָט דער משה געטראָגן די קינדער פון שטעטל אין חדר אַריין, און פון חדר צוריק אהיים — אַזוי אין די הייסע זומערדיקע טעג און באַזונדערס ווינטער־צייט, ווען די גאַסן און ליקלעך זענען געווען באַדעקט מיט קלעפּיקער בלאָטע און שניי. יעדן ערב יום־טוב האָבן די רייכע משפּחות אַריינגעוואָרפן אים אין טאַש עטלעכע פּרוטות. אין איינעם אַ טאָג, ערב פּסח איז דאָס געווען, איז משה צוריקגעקומען פון דער אַרבעט זיינער מיט אַ גרויס געוויין וואָס האָט געריסן דאָס האַרץ. ער האָט פאַרלוירן דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אַ גאַנצן ערב־יום־טוב. די באָבע האָט אים אָנגעהויבן אויספרעגן, אָבער זי האָט גאָרנישט געקענט דערגיין ביי אים. אויף דער פראַגע צי ער האָט שוין געזוכט אין די קעשענעס, האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרשטיקט קול: "און וואָס וועט זיין, אַז כ'וועל דאָרט אויך גאָרנישט געפינען ?".

דער זיידע ר' יעקב און די באָבע מלכה האָבן געהאַט צען קינדער. פיר פון זיי זענען געשטאָרבן ווען זיי זענען נאָך געווען קליין. דער זיידע איז נפטר־געוואָרן אין עלטער פון 58 יאָר.

מיין פאָטער, ישעיהו ז"ל, איז געווען ביים זיידן דער בכור. אין עלטער פון 25 יאָר בערך האָט ער חתונה־געהאַט מיט דער מאַמען,ביילע ז"ל. וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון אַלטער כ"ץ פונעם שכנותדיקן שטעטל וואַרטוזשען. היות ווי פּרנסה איז נישט געווען בשפע האָט דער טאַטע, ווי דער שטייגער ביי אַ סך בעסאַראַבער יידן אין יענער צייט,

אַוועקגעפאָרן קיין ווענעצועלאַ און פּערו, דאָרט פּרווון דאָס מזל. עס זענען פאַרביי בלויז עטלעכע יאָר, און דער טאַטע האָט געמוזט צוריקפאָרן אַהיים, צוליב דעם וואָס די מאַמע איז פּלוצים קראַנק געוואָרן. צוריקגעקומען איז ער מיט אַ סך געלט. די מאַמען האָט ער שוין אָבער נישט געטראָפןביים לעבן. פון גרויס צער און עגמת נפש איז דער טאַטע געוואָרן קראַנק און געשטאָרבן. ער איז נאָך געווען זייער יונג, אינגאַנצן 34 יאָר אַלט. ער האָט איבערגעלאָזט צוויי יתומים — מיך און מיין ברודער צבי, יתומים אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ שוועסטער, העניע. זי איז געווען אַ ווונדערלעכע, שיינע פרוי, אַ גוטמוטיקער, אַ טייערער מענטש. ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן איז די מומע העניע אַלט געווען אינגאַנצן 18 יאָר, אָבער מיט אַ סך ענערגיע און אַ קלוגע. זי איז אַראָפּגעקומען צו אונדז קיין וואָרטוזשען און זיך פאַרנומען מיטן קראַנקן טאַטן און מיט אונדז קליינע קינדער, מיט אַ סך מסירת נפש און ליבשאַפט. ווען דער טאַטע איז אַוועקגעפאַלן אויף דער קראַנקהייט פון וועלכער ער איז שוין נישט אויפגעשטאַנען, האָט ער געבעטן רופן זיינע צוויי קינדער צום קראַנקן־בעט. ווען מיר זענען אַריין אין זיין צימערל האָט ער אַרויפגעלייגט בײדע הענט אויף אונדזערע קעפּלעך, עפּעס געמורמלט שטיל, און איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. מען האָט אונדז גלייך אַרויס־געפירט פון אים. דער טאַטע האָט דערנאָך אַריינגערופן די מומע העניע און איר באַשוווירן זי זאָל זיך מטפל־זיין מיט זיינע צוויי יתומים. דערביי האָט ער איר איבערגעגעבן אַ פּעקל געלט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון דרום־אַמעריקע. אויך אַ צוואָה האָט ער איבערגעגעבן, געשריבן

מיט זיין אייגענער האַנט. דאָרט איז געווען געשריבן, אַז ער גיט איבער זיין פאַרמעגן און זיינע קינדער אין די הענט פון דער מומע העניע, און אַלס אַפּוטרופּסים מאַכט ער די מומע העניע און נאָך אונדזערס אַ קרוב — דער פעטער חיים ווייסער פון דאַמבראָווען.

דעם טאַטנס טויט האָט ביי דער מומען העניע, אַרויסגערופן אַ שווערן פּסיכישן איבערייסל. אויף אַ געוויסער צייט האָט זי פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט, נישט געקענט קומען צו זיך. אין וואַרטשעשן האָבן מיר געהאַט אַ פעטער, דעם מאַמעס אַ ברודער, אביגדור. ווען דער פעטער אביגדור האָט דערזען דעם מצב פון דער מומע העניע האָט ער גיך צוגענומען ביי איר דאָס פּעקל מיטן געלט צוזאַמען מיט דער צוואָה וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך. אַז די מומע העניע איז געקומען צו זיך פון דעם שאָק און דערזען אַז זי האָט נישט דאָס געלט, האָט זי אָנגעהויבן מרעיש עולמות צו זיין. דער פעטער אביגדור האָט מודה־געווען אַז ער האָט דאָס געלט און די צוואָה, אָבער ער וועט דאָס נישט צוריקגעבן. די יתומים זענען קינדער פון זיין שוועסטער און ער, וואָס איז פיל עלטער ווי די מומע העניע, וועט בעסער אויפהיטן דאָס געלט און זאָרגן פאַר די יתומים. די מומע העניע האָט גלייך אַליאַרמירט דעם פעטער חיים ווייסער, און בידע האָבן גערופן דעם פעטער אביגדור אויף אַ דין־תורה צום רב. ביי דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע חשובע באַלעבאַטים פון שטעטל, האָט דער רב געפּסקנט לטובת דער מומע העניען דער פעטער אביגדור האָט אָבער נישט נאָכגעגעבן. דעמאָלט האָט זיך אויפגעשטעלט דער פעטער חיים ווייסער און אויסגערופן פאַר די באַלעבאַטים פון שטעטל: "איך בין אַ טאַטע פון פינף קינדער, נעם איך אויף זיך מהיום והלאה צו זיין

אַ פאָטער פון זיבן קינדער. דער ייד ר׳ אביגדור, וועט אָבער געבן דעם דין״. דער פעטער אביגדור איז געוואָרן בלאַס און מיט אַ שטיל קול געבעטן אַ טאָג צייט צו באַטראַכטן זיך. צומאָרגנס האָט דער פעטער אביגדור צוריקגעגעבן דער מומען העניען דאָס געלט מיט דער צוואָה.

די מומע העניע האָט געוווינט מיט אונדז עטלעכע יאָר אין וואָרטוזשען און נאָכדעם ווי זי האָט געהייראַט מיט אַ בחור פון דאָמבראָווען, יחיאל טרייסטמאַן, זענען מיר מיט איר אַריבער קיין דאָמבראָווען. זי האָט דעמאָלט געבוירן אַ מיידעלע מיטן נאָמען מלכהלע, אַ שיין און זייער קלוג קינד. איך און מיין ברודער האָבן זי באַטראַכט ווי אַ שוועסטער. די מומע העניע האָט אונדז באַהאַנדלט מיט ליבע און מוס־טערהאַפטער צאַרטקייט. די מומע העניע, נאָכן באַראָטן זיך מיטן פעטער חיים, האָט אין דער געגנט פון דאָמבראָווען געקויפט פאַר אונדז אַ שטיקל ערד, כדי דאָס געלט וואָס דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט זאָל נישט פאַרלירן זיין ווערט. ווען איך בין נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען ווי אַן אינ־וואַליד האָב איך זיך דערוווּסט אַז די מומע העניע מיט איר טעכטערל מלכהלע זענען אומגעקומען ביי זייער טראַגישע אומשטענדן אין טראַנסדניסטריע.

*

ר׳ אַליעזר ווייצמאַן איז געווען אונדזער אַ קרוב, מיר האָבן אים גערופן ״דער פעטער אליעזר״. ער האָט געוווינט אין עק פון דאָמבראָווען, נישט ווייט פון בית־הקברות. ער איז געווען אַ שיינער ייד מיט אַ גוט־געפלעגטע הערצל־באָרד. זיין הויפּט־פּרנסה איז געווען מעקלעריי. זונטיק פלעגט ער

פאַרן אין דער שכנותדיקער שטאָט בעלץ. ער איז איינגע־שטאַנען אין דער דאַרטיקער פּאַלקס־אכסניה און עוסק־געווען מיט פאַרשידענע מעקלערייען, אָנהייבנדיק מיט תבואה ביז פעל, און אויך פון שדכנות האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט. אַלץ איז ביי אים געווען כשר, ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין שום מסחר, אַבי צו באַשפּייזן זיין משפּחה. זיין ווייב, די מומע חייקע, איז געווען אַ נידעריקע, אַ שווייגערין און אַ זייער געאָרדנטע. פון זון־אויפגאַנג ביז פאַרנאַכט און טיילמאָל אפילו ביז שפּעט ביינאַכט האָט זי זיך גע־פּאָרעט אין שטוב ביי פאַרשידענע הויז־אַרבעטן, בעיקר ביים באַקן חלות און אַנדערע געבעקסן פאַר עטלעכע עשירים אין שטעטל. אַזוי האָט זי געהאָלפן דעם מאַן אין דער פּרנסה, און די משפּחה האָט געלעבט אין כבוד.

ר׳ אליעזר וויצמאַן איז געווען אַ ייד מיט אַ גאָלדן האַרץ. זיינע מעשיות און וויצן האָבן געהאַט אַ שם. באַזונדערס פאַרוויילט האָט ער די וואָס האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט מיט אים צו פאָרן אויף זיינע רייזעס.

הינטער זיין הויז האָט זיך געפונען אַ קליינער גוט גע־פלעגטער גאָרטן, וואָס איז באַאַרבעט געוואָרן דורך זיין ווייב און קינדער. דאָרט זענען געווען פאַרשידענע מינים ביימער — ניס, עפּל, פלוימען א.א.וו. מיט די פּירות האָבן זיך מכבד געווען פריינט און קרובים פון דער משפּחה, וואָס זענען געקומען אויף אַ באַזוך אין זיין הויז זומער־צייט נאָכן צוריק־גיין שבת פון בית־כנסת. דער פעטער אליעזר האָט געהאַט צוויי טעכטער: פעסיע וואָס איז עולה־געווען קיין ארץ־ישראל און לעבט אין פּתח־תקוה, און העניע. ער האָט אויך געהאַט צוויי זין: נחמיה און יוסף. וועגן זייער גורל ווייסט מען גאָרנישט.

רוזשקע סעלצער (טבריה)

# איך דערמאָן מיין היים

אונדזער הויז וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פונעם שטעטל, איז געווען אַ שיין הויז מיט אַ סך, ווונדערלעך־איינגעאָרדנטע גרויסע צימערן. ווער געדענקט נישט די באַגלאָזטע ווערענדע דורך וועלכער מען איז אַריין אינעם הויז? נישט אומזיסט האָבן עטלעכע דאָקטוירים פונעם שטעטל אויסגעקליבן פאַר זייער קוואַרטיר דווקא אונדזער הויז.

מיין פאָטער, שלמה סעלצער, אַ הויך־וווקסיקער בלאָנדער מאַן, איז געבוירן, צוזאַמען מיט זיינע צוויי ברידער זעליק און אייזיק, ביי פאַרמעגלעכע ערד־באַזיצער, וואָס האָבן גע־הערט צו די גרינדערס פון דער קאָלאָניע. מיין מוטער ביילע און איר שוועסטער לאה זענען געווען קינדער פון מיין זיידן דריינבערג, וואָס האָט אויך געהערט צו די עשירים און גרינדער פון שטעטל. ווען דער זיידע פון מאַמעס צד איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגעלאָזט אַ טייל פון זיינע פעלדער אויף "עולמות", דאָס הייסט פאַר די אביונים פון שטעטל. דאָס רענטע־געלט פון די פעלדער איז געגאַנגען אויף שטיצע פאַר אָרעמע־לייט. דער זיידע האָט אויך איבערגעלאָזט אַ הויז אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער. אין דער תלמוד־תורה האָבן געלערנט די אָרעמע קינדער און באַקומען אויך עסן בחינם.

זיבן קינדער האָבן געהאַט מיינע עלטערן — פיר מיידלעך און דריי זין. מיין טאַטע האָט געלעבט פון ערד־אַרבעט און די פעלדער באַאַרבעט בשותפות מיט מיין פעטער אברהם אַקסנפעלד. מיר האָבן געלעבט אין עשירות און רחבות. אָבער

דער גורל אונדזערער איז נישט געווען קיין גוטער. דער טאַטע איז געשטאָרבן יונג און דער גאַנצער עול פון פּרנסה איז געפאַלן אויף דער מוטער. זי האָט געטראָגן דעם עול פון פּרנסה און געזאָרגט פאַר דער שטוב, אָבער אויך נישט אויף לאַנג. עטלעכע יאָר נאָך דעם פאָטערס טויט איז אויך זי געשטאָרבן. מיר זענען געבליבן זיבן יתומים. די צוויי עלטערע ברידער האָבן פאַרגעזעצט טראָגן דעם פּרנסה־עול, האָבן באַאַרבעט די פעלדער און אויך אויפגעשטעלט אַ מיל. נאָך דעם ווי זיי האָבן חתונה־געהאַט, זענען זיי אַריבער וווינען קיין סאַראָקע און מיין שוועסטער האָט געזאָרגט פאַר די יינגערע שוועסטערס און פאַרן יונגן ברודער אברהם.

איך און מיין שוועסטער רבקה האָבן זיך מפרנס־געווען פון נייען, אַ פאַך וואָס מיר האָבן געלערנט אין דער פאַכ־שולע אין סאַראָקע. מיינע שוועסטערס איטע און חייקע זענען געבליבן אין שטעטל און געהייראַט. אָבער אויך זייער גורל איז געווען אַ ביטערער. דער מאַן פון מיין שוועסטער איטע איז געשטאָרבן יונג, און מיין יינגערע שוועסטער חייקע איז געשטאָרבן ביי דער געבורט פון איר טאָכטער, וואָס איז געבליבן לעבן און איז דערצויגן געוואָרן ביי איר פאָטער אין פּלאָרעשט.

מיין יינגער ברודער אברהם האָט דורכגעמכט שבעה מדורי גיהנום, צוערשט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע און איצט אונטערן סאָוויעטישן רעזשים.

דער רוב פון מיינע יאָרן האָב איך דורכגעמאַכט מחוץ דעם שטעטל, אין לימודים אָדער אַרבעט. דאָס שטעטל איז אָבער געבליבן איינגעקריצט אין מיין האַרץ. דאָמבראָווען וואָס איז געווען דאָס וויגעלע פון אונדזער לעבן איז חרוב־געוואָרן, איז מער נישטאָ.

יחזקאל פוקס (פתח־תקוה)

## "קבלת פנים" פאַר קוזאַ

איך געדענק ווי איצט: דאָס איז געווען אַ מאָנטיק פאַר־נאַכט, איך ביז דעמאָלט אַלט־געווען אַרום צוועלף יאָר. עטלעכע ייִנגלעך אין מיין עלטער האָבן זיך אָפּגערעדט צו באַגעגענען ביים צענטראַלן בית־כנסת אין שטעטל, ביי דער "קלויז". מיר האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט און אָנגעהויבן אַ וויכוח וועגן דעם "קן" פון השומר הצעיר, וועגן "גורדוניה" און וועגן די לינקע וואָס האָבן געגלייבט אַז פון רוסלאַנד וועט קומען די גאולה פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אונדזער פאָלק בפרט. מיר האָבן אויך געשמועסט וועגן עטלעכע יוגנטלעכע וואָס האָבן עטלעכע טעג פריער געהאַט געגנבעט די גרענעץ, געפרוווט אַדורכבאַקומען זיך דורכן דניעסטער, כדי אַנצוקומען קיין רוסלאַנד און זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן. קיין איינער פון זיי איז נישט געבליבן לעבן. מיר האָבן אויך געשמועסט און דיסקוטירט וועגן יענע יוגנטלעכע וואָס פרוּוון מיט אַלע וועגן אַרויסדרייען זיך פון מיליטער־דינסט, זיי פלעגן פאַסטן טעג און נעכט, דערנערן זיך בלויז פון "פלעצלעך" געמאַכט פון קוקורוזע־מעל מיט זאַלץ, מיטן ציל צו מאַכן זיך פיזישע פעלערן. ווען עס איז געקומען די צייט מיין ברודער זאָל זיך שטעלן צום פריזיוו האָט מען אים געמוזט אָפּפירן מיט אַ וואָגן. אויף די אייגענע פיס איז ער נישט מסוגל געווען צו שטיין.

ווען מיר זענען אַזוי געשטאַנען און געשמועסט צווישן זיך, איז צוגעקומען צו אונדז דער בלינדער פסח, וואָס איז נישט לאַנג צוריקגעקומען פון אַרגענטינע און אונדז אָנגעזאָגט די

בשורה אַז מאַרגן, אין טאָג פונעם "יאַריד" וועט זיין פריי־לעך! פאַרוואָס? — ווייל מאַרגן קומט אין שטעטל אַריין דער באַקאַנטער שונא־ישראל, פּראָפעסאָר קוזאַ מיט זיינע אָנהענגער, כדי אַרויסצוטרעטן מיט זיינע העצערישע אַנטי־סעמיטישע רעדעס פאַר די וואָס וועלן קומען צום יאַריד פון אַלע שכנותדיקע דערפער.

צומאָרגנס האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין צענטער פון שטעטל, און נישט באַמערקט קיין שום אויסערגעוויינלעכע זאַך. כ'בין אַרומגעגאַנגען צווישן די שטעלן וואָס זענען פול־געווען מיט כל־טוב, בעיקר מיט פאַרשידענע מאכלים, און געשלונגען דאָס שפּייעכץ. עס האָט זיך מיר זייער גע־גלוסט עפּעס צו קויפן כדי אונטערצוזלענען זיך דאָס האַרץ. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין פּרוטה ביי דער נשמה. אין עלטער פון עלף יאָר בין איך געוואָרן אַ יתום. מיין טאַטע וואָס האָט געהאַט אַ קליין געוועלבל פון קאַלך און בלומען־טעפּ איז געשטאָרבן און מיין גרויסער ברודער איז געוואָרן דער פּרנסה־געבער פאַר מיין מאַמען און צוויי שוועסטערלעך. דער מצב אין שטוב איז געווען זייער נישט גוט. זעענדיק, אַז דאָס אַלץ וואָס ליגט אויף די שטעלן צום פאַרקויף איז נישט פאַר מיר, בין איך אַוועק אין גאָרטן פון דער שולע ווו עס האָט זיך געפונען דער מאַרק פון די בהמות, ווו מען האָט געקויפט און פאַרקויפט פערד, קי, חזירים און אַזוי ווייטער. פּלוצים האָב איך באַמערקט ווי אויף איינע פון די וואָגנס שטייט דער שונא־ישראל קוזאַ, אַרומגערינגלט מיט זיינע יונגען, און האַלט אַ רעדע פול מיט העצע און זידלע־רייען קעגן ידן, ווי דער שטייגער פון שונאי־ישראל אין אַלע צייטן. איך בין אַוועק זוכן מיין ברודער און אַנדערע יונגעלייט פון שטעטל, אָבער קיינעם נישט געטראָפן. אין

דעם איז אָנגעקומען הירש פעלדמאַן און מיר געזאָגט בסוד, אַז די יוגנט אין שטעטל גרייט צו אַ "קבלת־פּנים" פאַר קוזאַ אויפן וועג צום דאָרף וואַדיען, ווען ער וועט צוריק־פאָרן פון אונדזער שטעטל. איך האָב לאַנג נישט געוואַרט און גלייך זיך געלאָזט אַהין. און באמת, הינטער אַ הויז נישט ווייט פון דימיטשטיינס גאָרטן, האָבן זיך באַהאַלטן עטלעכע יונגע חברה. ווען קוזאַ מיט זיינע באַגלייטער זענען אָנגעקומען אַהין איז אויף זיי פּלוצים געפאַלן אַ האָגל מיט שטיינער און באַלד דערנאָך האָבן מיר זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיי אויך מיט שטעקנס און בייטשן און מיט אַלץ וואָס איז געקומען אונטער דער האַנט. די כוליגאַנעס מיט זייער "רבין" זענען אַנטלאָפן, צעשלאָגענע און באַגאָסענע מיט בלוט. מיר האָבן קוים באַוויזן צו מאַכן פּליטה, ווייל באַלד איז נאַטירלעך, אָנגעקומען די פּאָליציי און אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג.

זינט יענעם טאָג ביז מיין פאַרלאָזן דאָמבראָווען, איז קוזאַ מער נישט געקומען אַהין. ווייזט אויס, אַז אַט דעם "שיינער" קבלת־פּנים וואָס ער האָט באַקומען דעמאָלט אין אונדזער שטעטל, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

**חייקע קייסער (נתניה)**

## מיין עליה קיין ארץ־ישראל

אַ סך יאָרן זענען אַדורך זינט איך האָב פאַרלאָזט דאָס שטעטל, דאָך זענען אויפגעהיט אין מיין האַרץ די איבער־

לעבונגען און דעראינערונגען פון יענער צייט, ווי דאָס וואָלט געווען ערשט נעכטן.

איך געדענק גוט מיין עליה אין לאַנד אַריין: איך צוזאַ־מען מיט נאָך עטלעכע חלוצים האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל אויף אַ וואָגן איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד. אַ גרויסער פאַר־שידנפאַרביקער עולם האָט אונדז באַגלייט. ביי אַ סך האָבן אויך נישט געפעלט קיין טרערן אין די אויגן, טרערן פון פרייד און האָפענונג אַז עס וועט לאַנג נישט געדויערן און אויך זיי וועלן צו דעם זוכה־זיין. צום גרויסן באַדויערן האָבן זיי נישט זוכה־געווען דערצו, זיי זענען אומגעקומען.

קליין איז געווען דאָס שטעטל אָבער פאַרמאָגט האָט עס אַ וווּנדערלעכע קולטורעלע יוגנט. צוויי זענען געווען די קוואַלן פון וועלכע די יוגנט האָט געשעפּט קולטור — די שטאָטישע ביבליאָטעק און די יוגנט־באַוועגונגען „גורדוניה" און די „קולטור־ליגע". די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אין צוויי קליינע צימערלעך אינעם הויז פון מיין זיידן, ר' מרדכי קייסער, אַ ייד אַ הדרת־פּנים און גבאי פון דער שול. די ביבליאָטעק איז אָנגעפירט געוואָרן דורך עטלעכע בחורים און מיידלעך וואָס האָבן די אַרבעט, פאַרשטייט זיך, געטאָן פרייוויליק און מיט עפּעס אַ מין הייליקן ציטער. צוויי „פּערסאָנאַלן" האָבן געזאָרגט פאַר דער ביבליאָטעק — איינער האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסלייען די ביכער פאַר די לייענערס און דער צווייטער פּערסאָנאַל האָט געזאָרגט פאַר דעם צו קויפן נייע ביכער יעדעס מאָל ווען יעדער איינער פון זיי איז אַרויסגעפאָרן אין די גרויסע שטעט. צווישן די לעצטע געדענק איך גוט פּיניע פוקס, אַ זייער קלוגער און געשיקטער בחור.

איך האָב געהערט צו דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה".

דער סניף האָט זיך געפונען אין אַ קליין ענג שטיבל ווו עס זענען געשטאַנען עטלעכע נישט געהובליעטע בענק און אַ פּראָסטער טיש. וויפל וואַרעמקייט און באַגייסטערונג האָט אָבער דאָרט געהערשט! ביז היינט דערמאָן איך מיט בענק־שאַפט די דיסקוסיעס און ליטעראַרישע אָוונטן וואָס מיר האָבן דורכגעפירט, אָוונטן וואָס האָבן זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. באַזונדערס איינגעקריצט אין מיין זכרון זענען די שבת־יום־טוב באַגעגענישן אין דער טאַליקע, הינטער דער שולע. פון פיל גועזאַנג, געלעכטער און שטיפעריי איז מען געוואָרן הייזעריק און די פיס זענען ממש געשוואָלן געוואָרן פון טאַנצן — טענץ וואָס האָבן פאַרשיכורט. איך געדענק אויך די ליטעראַרישע אָוונטן וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט אויפן גראָז אָדער אינעם ״מאַגיזאָן״ פון מיין זיידן, אָוונטן אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט אריה פרומערמאַן, דוד קאַמאַראָוו, ישראל שלייזער א.אנד. יונג און נאַיוו זענען מיר געווען, דורכגעדרונגען מיט אַ סך חלומות, בעת דער שענסטער חלום אונדזערער איז געווען — עולה־זיין קיין ארץ־ישראל.

ווען מיר זענען אַרויס אויף הכשרה — רעיה שוואַרץ און איך — זענען מיר געווען זייער טרויעריק, ווייל מיר האָבן מורא־געהאַט צו טרעפן זיך פּנים־אל־פּנים מיט יוגנטלעכע וואָס זענען אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַזעלכע גרויסע שטעט ווי קישעניעוו, בעלץ אא״וו. צו אונדזער גרויסער איבעראַשונג האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מיר זענען אַב־סאָלוט נישט הינטערשטעליק לגבי זיי. דוד אקסענפעלד און אסתרקע זיסמאַן וואָס זענען געווען מיט אונדז האָבן זיך געפרייט, זענען געווען צופרידן זיך איבערצוצייגן אַז מיר האָבן נישט אַנטוישט.

נישט אַזוי לייכט האָבן די עלטערן אונדז דערלויבט צו פאַרלאָזן די היים און עולה־זיין קיין ארץ־ישראל. מיין ענטפער אויף זייערע טענות איז געווען געניי ווי דער ענטפער פון אַנדערע וואָס זענען געגאַנגען אין דעם וועג, קלאָר און פשוט: וויבאַלד איר וועט אונדז נישט דערלויבן עולה־זיין וועלן מיר אַנטלויפן פון דער היים. זיי האָבן לסוף שלום־געמאַכט דערמיט, און מיט דער צייט זיך איבערצייגט אַז מיר זענען געווען גערעכט, נאָך ווי גערעכט! דער וועג קיין ציון איז געווען דער ריכטיקער וועג!

# אויף די חורבות

חייקע אַקסנפעלד־קאַרק (חולון)

## וואָס מייע אויגן האָבן געזען
## און מיינע אויערן האָבן געהערט

אונדזער גאַנץ שטעטל ווי איז געגאַנגען
דעם טויט אַנטקעגן,

וויאַזוי דעם טויט אַנטקעגן
איז דאָס שטעטל געגאַנגען?

(ש. שלום)

איך וויל פּרוּוון קודם כל אין אַלגעמיינע שטריכן דער־מאָנען יענעם ביטערן טאָג פון חודש יולי 1941, ווען די רומענער מיט די דייטשן האָבן ווידעראַמאָל דעראָבערט בע־סאַראַביע. די זעלנער האָבן זיך געפירט מיט שרעקלעכע אכזריות. פיל שטעטלעך, דערונטער אויך אונדזער שטעטל, זענען חרוב־געוואָרן ביזן גרונט. די יידישע איינוווינער זענען טיילווייז פאַרניכטעט געוואָרן, טיילווייז פאַרטריבן געוואָרן. זייער פאַרמעגן איז ביי זיי צוגערויבט אָדער פאַרברענט

געוואָרן דורך די טרייע שותפים פון די נאַציס, די פויערים פון די שכנותדיקע דערפער.

אין איינעם פון די יולי־טעג 1941 האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז די רומענער קומען צוריק און די רוסן ציען זיך צוריק. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג, בעיקר די יוגנט, איז אַוועק צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי אויף מזרח. אין שטעטל זענען געבליבן אַלטע, קראַנקע, פרויען און קינדער. דערווייל זענען צו אונדז אָנגעקומען אַנטלאָפענע פון די שכנותדיקע שטעטלעך זגוריצע, רישקאַן, בריטשעווע און נאָך, וואָס האָבן געפרוווט אַנטלויפן צוליב דער מורא פאַר די רומענער און אָנגעקומען צו דער רוסישער גרענעץ.

דאָס איז געווען אַ ביטערער טאָג. ווען עס איז אָנגעקומען די נייס, אַז די נאַצישע אַרמיי דערנענטערט זיך, האָבן ייִדן אין דאָמבראָווען אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אַביסל זאַכן און זענען אַנטלאָפן אינעם גאָרטן פון דימיטשטיין ביי דער פאָלקסשולע, זיך אויסבאַהאַלטן צווישן דיביימער. אויך איך בין אַנטלאָפן צוזאַמען מיט מיינע קינדער, מיין מאַן, ישראל ז״ל, וואָס איז גענומען געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי איז געפאַלן אויפן פראָנט.

ווען איך בין אָנגעקומען צום דאָזיקן אָרט ווו די ייִדן אין שטעטל האָבן זיך פאַרזאַמלט האָב איך שוין דאָרט געטראָפן מיין טאַטן אליעזר, מיין מאַמען אסתר ווי אויך אונדזערע קרובים אברהמל אקסנפעלד און זיין פרוי דינע, די טעכטער חייקע און רחל, נפתלי און משה מרדכי מיט זייערע ווייבער, די משפחות בראָנשטיין, באַרג און קאָרנבליט — אַלע צע־שראָקענע, צעמישטע און באַרוישטע. אַ גרופע רומענישע זשאַנדאַרן און דייטשע זעלנער רייטנדיק אויף פערד האָבן אָנגעהויבן ווילדעווען און טרייבן אונדז אויף אומוועגן ביים

פּרוכטן־סאָד פון דער שולע, אַ זעלטן נאַטור־ווינקעלע וואָס איז תמיד געווען אַן אָרט צום טרעפן פאַר יונגע פּאָרלעך, טרוימער און פאַרליבטע. שווער אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר די אכזריותן פון די זשאַנדאַרן. דער קאַראַוואַן אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען נישט בלויז די יידן פון אונדזער שטעטל נאָר אויך די פּליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָט זיך געשלעפּט לאַנגזאַם, אָן שפּייז און אָן אַ טראָפּן וואַסער. פונדערווייטנס האָב איך געזען אונדזער הויז, דעם טאַטנס שיין הויז, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן אַ שיינעם פּרוכטבאַרן גאָרטן און דערנעבן אַ ברונעם פריש־קערנדיק וואַסער. אַ כוואַליע פון טרערן האָט פאַרפלייצט מיין האַרץ. כדי אונדז צו דערנידעריקן האָט מען אונדז געפירט דורך די גוישע דערפער. זיי, די גוים, זענען אַרויס, זיך אָנגעקוקט־שטעלט, געלאַכט און הנאה־געהאַט פון דעם בילד ווי מען פירט יידן צום טויט. די גוים האָבן פון אונדז אַראָפּגעצויגן די מלבושים און איבערגעלאָזט אונדז האַלב נאַקעט. אין די גריבער האָבן מיר געזען די טויטע קערפּערס פון אַ סך יידן וואָס האָבן מער קיין כוח נישט געהאַט פאַרצוזעצן דעם טויט־מאַרש, אַ סך פון זיי האָבן נאָך געצאַפּלט צווישן לעבן און טויט. קינדער און קליינע עופהלעך זענען געוואָרן לעבעדיקע סקעלעטן. זייער געוויין און געשריי האָט פאַרטויבט די אויערן. אויך פון הימל האָט מען געלאָזט טרערן: דער גאָס רעגן וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט האָט באַשווערט אונדזער וועג, און אַ סך, אַ סך האָבן זייער טויט געפונען אויפן דאָזיקן וועג פון פּיין.

נאָך עטלעכע טעג וואַנדערונגען זענען מיר אָנגעקומען צום באַרימטן גיהנום־פּלאַץ וואוהין עס זענען געבראַכט געוואָרן צענטליקער טויזנטער יידן. דאָס איז דער וואַלד ראַבלעניץ,

עטלעכע קילאָמעטער פון דער קרייז־שטאָט סאַראָקע. דער וואַלד איז געווען אַרומגערינגלט מיט שטעך־דראָט. צעבראָכן און דערשלאָגן פיזיש און גייסטיק, זענען מיר אָנגעקומען ביזן טויער פון וואַלד. דאָ האָט מען אונדז געהייסן אַריינלויפן און יעדער וואָס האָט זיך אַביסל פאַרזוימט האָט באַקומען שמיץ און מכות־רצח פון די שומרים און אויפזעער. אומזיסט האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַ פּלאַץ אָפּצורוען אַביסל אונדזערע מידע גופים. אינעם דאָזיקן לאַגער האָבן זיך געפונען בלויז עטלעכע נעבעכדיקע באַראַקן, ענלעך צו חזיר־שטאַלן, וואָס זענען געווען באַשטימט בלויז פאַר פרויען און קינדער. די מענער זענען געווען אונטערן פרייען הימל אָן שוץ. אין די באַראַקן איז געווען אַ געשטאַנק. די געשרייען און קרעכצן זענען אויפגעגאַנגען עד לב השמים, באַזונדערס די יללות פון די קליינע קינדער וואָס האָבן זיך געבעטן עסן (כאָטש אַביסל קאַלטע מאַמעליגע) און וואַסער. מענער, פרויען און קינדער זענען יעדן טאָג געשטאָרבן פון הונגער און זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין עק פונעם וואַלד. דאָ האָט מען געזען פאַר זיך נישט קיין מענטשן נאָר אַרומגייענדיקע סקעלעטן. ווי חיות איז מען דאָ אַרומגעלאָפן, געזוכט עפּעס וואָס, כדי צו דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ, כדי צו שטילן דעם הונגער און דאָרשט, אָדער כדי צו געפינען אַ שטיקל שוץ איבערן קאָפּ. ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך נישט פאַרגעסן דאָס גרויל־בילד וואָס איך האָב געזען פאַר זיך אינעם דאָזיקן וואַלד — מענטשן האָבן תפילה־געטאָן און געבעטן אויף זיך דעם טויט, ער זאָל זיי אויסלייזן פון די פּיין, מען האָט געוואַרט אויפן מלאך־המוות, ער זאָל אַ סוף מאַכן צו די ליידן. ביז סוף זומער זענען מיר אַזוי געווען אין דאָזיקן וואַלד. אין אויגוסט 1941 האָט מען אונדז, די

ווייניקע וואָס זענען נאָך געבליבן לעבן, אַרויסגעפירט אין דער ריכטונג פון ווערטוזשען.

צעמישט פון פחד און אימה פון דעם אַלעם וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און דעם בית־הקברות וואָס מיר האָבן איבער־געלאָזט הינטער זיך — עלטערן מיט קינדער, חברים און פריינט וואָס זענען נישט געקומען צו קבר ישראל, האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג. אין ווערטוזשען איז אָבער אונדזער גורל נישט געוועז קיין בעסערער. ווידער דער זעל־בער פאַרשאָלטענער לאַגער. שרעקלעכע באַדינגונגען, הונגער. פון פיל פייז, וואַנדערונגען און מחלות זענען געשטאָרבן פאַר אונדזערע אויגן מיינע טייערסטע, מיינע קינדער, עלטערן, מיינע קרובים אברהם און נפתלי אַקסנפעלד א. אנד. נישט איינמאָל האָב איך זיך געקלערט אַז איובס צרות זענען בלויז אַ רמז אויף די יסורים וואָס אונדז איז אויסגעקומען דורכצו־מאַכן. נישט איינמאָל האָב איך אויף מיר געבעטן דעם טויט. פון דאַנען האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין דעם טרויעריק באַרימטן לאַגער באַרשאַד. דאָ אינעם לאַגער זענען מיר געבליבן ביז מיר האָבן דערלעבט באַפרייט צו ווערן דורך די רוסן. מיד, צעבראָכן און צעווייטיקט, קראַנק און אָרעם בין איך צורקגעקומען צום חרובן, צע־שטערטן און אויסגעליידיקטן דאָמבראָווען און געפינען אַ שטיקל היים אינעם חרובן הויז פון מיין פעטער, משה מרדכי אקסנפעלד.

דווקא דאָ אין דער נעסט פון מיין חרובער און מוראדיק־צעשטערטער קינדהייט איז מיט מיר געשען דער גרויסער נס אַדאַנק וועלכן איך בין געבליבן לעבן און אפילו צוריקגע־בויט מיין לעבן אויפסניי. אין איינעם אַ פרימאָרגן פון אַ ווינטערדיקן טאָג האָט זיך ביי דער שוועל פון מיין הויז

באַוויזן אַן אויסגעפּוצטער רוסישער אָפיציר, אַנגעטאָן אין אַ מיליטערישן שינעל מיט געלע גלאַנציקע קנעפּ. אויף דער לינקער זייט האָט אַנגעהאַנגען אַ "מאַוזער" און אין דער רעכטער האַנט אַ ניילאָן־טעקע פול מיט מאַפּעס. פון מיטעלן וווּקס, אַן ערך אַ מעטער זעכציק מיט רויטע באַקן און גרויע אויגן וואָס האָבן אויסגעדריקט גוטסקייט. ער האָט זיך גע־ווענדט צו מיר אין אַ גוטן רוסיש און געבעטן בלייבן נעכ־טיקן ביי אונדז אין הויז. אַ פּחד און אימה איז מיר באַפאַלן. מיט אַ ציטערדיק דערשטיקט קול פון טרערן האָב איך אויפגעקלערט דעם פרעמדן אָפיציר מיין פאַרצווייפלטן מצב. איך האָב אים פשוט דערציילט, אַז איך בין אַן אומגליקלעכע אלמנה וואָס האָט אויך פאַרלוירן אַלע קינדער און בין נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון נאַצישן גיהנום, איינזאַם אַליין און קוים מיט צרות באַקומען אַ שטיקל ווינקל אין הויז פון מיין פעטער וואָס איז מיט זיין גאַנצער משפחה אומגעקומען פון די נאַציס. איך האָב אים אַנגעוויזן אויף דעם נעבעכדיקן ליידיקן צימערל אין וועלכן איך האָב געפונען אַ שטיקל מקום מקלט, אַ צימער מיט צעבראָכן מעבל, אַרויסגעריסענע טיר און פענצטער מיט אַן אימהדיקן אויסזען. מיט אַ קול געשטיקט אין טרערן האָב איך אים אויפגעקלערט, אַז איך קען אים נישט געבן קיין געלעגער אפילו אויף קיין איין נאַכט נישט. הערנדיק מיינע רייד האָט ער זיך נישט געקענט באַ־הערשן און איז אַרויס מיט אַ געוויין. פון דאַנען און ווייטער האָט ער שוין גערעדט.

מיט אַ ציטערנדיקער שטימע האָט ער דערציילט: נישט קיין רוסישער אָפיציר, נאָר אַ ייִדישער אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי בין איך, און מיין נאָמען איז חיים קאַרק. מיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין דער שואה. מיט

מיין אָפּטיילונג בין איך אָנגעקומען אַהער אין אַ געיעג נאָך די אַנטלויפנדיקע רומענער און דייטשן. דאָ האָב איך זיך אינטערעסירט צי עמיצער איז געבליבן לעבן פון דער משפחה אַקסנפעלד. אינעם הויז פון ר׳ אברהמל אַקסנפעלד, אַ הויכער ייד מיט גוט געפלעגטער באָרד, האָב איך געהאַט באַקענט מיין ווייב פּאַליע פרענקל, די טאָכטער פון ר׳ יחיאל פרענקל ז״ל פון סאָראָקע. איך אַליין בין אַ געבוירענער אין בעלץ, אַ זון פון אַ יחוסדיקער משפחה און נאָכן הייראַטן האָב איך געוווינט אין סאָראָקע. נאָכן מלחמה־אויסברוך בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי און זינט דעמאָלט זענען פאַרשווונדן אַלע שפּורן פון מיין משפּחה. אויך איך בין אַזוי איינזאַם אַליין, ווי איר.

הערנדיק די מעשה האָב איך זיך באַרויקט. איך האָב אים דערציילט אַז איך האָב געוואָלט באַזוכן מיין פאָטערס הויז אָבער דער גוי וואָס וווינט דאָרט האָט מיך אַרויסגעטריבן. חיים האָט מיר דאַן געזאָגט: קומט, לאָמיר גיין אין אייער פאָטערס הויז. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אָרט איז דער גוי אַרויס אַנטקעגן און אָנגעהויבן זידלען און שעלטן. חיים האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער. ערשט דעמאָלט איז דער גוי אַ דערשראָקענער אַנטלאָפן. מיר זענען אַריין אין הויז און געטראָפן אַ חורבה. דאָס גאַנצע האָב און גוטס אונדזערס, איז געווען צערויבט און חרוב. אַ לאַנגע צייט בין איך געשטאַנען אין דעם הויז און באַוויינט אונדזער ביטערן גורל, די יתומשאַפט און פאַרלאַזטקייט וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו מיר פון יעדן ווינקל. מיין פאָטערס שיין געפלעגט הויז, איז געוואָרן אַ חורבה.

חיים האָט געהאָלפן און געשטיצט נישט בלויז מיך. אַלס אָפיציר האָט ער פאַרנומען אַ מאַגאַזין מיט שפּייזוואַרג וואָס

האָט זיך געפונען אין בנין פון דער אַמאָליקער קלויז און צעטיילט ברויט פאַר די לעבנגעבליבענע רעשטלעך וואָס זענען צוריקגעקומען אין שטעטל, מידע און הונגעריקע.

ווען איך האָב דערנאָך אָבסערווירט דאָס שטעטל איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער רוב הייזער זענען צע־שטערט און חרוב־געוואָרן. אפילו די שטיינער פון די מצבות זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון בית־עלמין און מען האָט מיט זיי פאַרלייגט טראָטוארן. די פויערים פון דער געגנט האָבן אפילו צעאַקערט אַ קענטיקן טייל פון שטעטל. זיי האָבן געהאָפט צו געפינען געלט און צירונג, וואָס ייִדן האָבן געהאַט באַהאַלטן אין דער ערד.

צוריקקומענדיק פון אונדזער באַזוך אין מיין פאָטערס הויז האָט חיים אָנגעוויזן, אַז די שוך מיינע זענען צעריסן. "גיט זיי מיר מיט, וועל איך זיי אָפּגעבן דעם שוסטער אין אונדזער פאָלק אין אַ דאָרף נישט ווייט פון סאָראָקע, ער זאָל זיי פאַריכטן". מיר זענען אָנגעקומען אין צענטער פון שטעטל און האָבן זיך צעשיידט. ער איז אַוועק צו זיין פאָלק און איך בין צוריקגעפאָרן צו מיין "פאַלאַץ". צוויי טעג שפּעטער האָב איך צוריקבאַקומען די שיך דורך איינעם פון די זעלנער פון חיימס אָפּטיילונג צוזאַמען מיט אַ בריוול אין וועלכן ער האָט מיטגעטיילט, אַז אין הסכם מיט אַ באַפעל וואָס ער האָט באַקומען דאַרף ער פאַרזעצן דעם וועג פאַרויס, קיין יאַס און קישעניעוו.

דערווייל בין איך אַריבער וווינען קיין סאָראָקע. עס איז געווען איבער מיינע כוחות צו בלייבן אין חרוב־צעשטערטן שטעטל ווו פון יעדן ווינקל און געסעלע איז אויפגעגאַנגען דער טויט־געשריי און די געוואַלדן פון די וואָס זענען פון דאָנען אַרויסגעפירט געוואָרן צום טויט. עס האָט אויסגעזען,

אַז דאָס אַלץ איז פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט געוואָרן דאָ, הענגט אין דער לופט...

עס זענען קוים פאַרביי עטלעכע חדשים און אויך חיים איז אָנגעקומען קיין סאַראַקע. אונדזער גורלדיקע באַגעגעניש אין דאַמבראָווען האָט ער נישט פאַרגעסן. מיר האָבן גע־הייראַט און נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זענען מיר אָנגעקומען קיין לוואָוו. דאָ איז אונדזער עקאָנאָמישער מצב טאַקע געווען נישט קיין שלעכטער, אָבער די מורא פאַרן רעזשים האָט אונדז געפייניקט. נאָך לאַנגע באַמיונגען און אַדאַנק דער אַרויספאָדערונג וואָס מיר האָבן באַקומען פון דוד און ראָזע אקסנפעלד, זענען מיר אָנגעקומען קיין ישראל און אָנגעהויבן אַ נײַ בלאַט אין אונדזער לעבן — דאָ, אין חולון.

## אַגראָנאָם זאב כרמי־ווײַנבערג (חיפה)

# דער חורבן פון דאַמבראָווען

ווען אין דער קאָלאָניע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע פּליטים פון די ייִדישע שטעטלעך אין צפון־בעסאַ־ראַביע און האָבן דערציילט וועגן די פּאָגראָמען וואָס די מאָלדאָווענער האָבן דורכגעפירט נאָכן צוריקציִען זיך פון דער רויטער אַרמיי, האָבן די פּרנסים פון דער קאָלאָניע נישט געגלייבט אַז די מאָלדאָווענער פון די דערפער וועלן בכלל וואַגן אָנצורירן די קאָלאָניע. זינט דורי דורות זענען דאָך געוועבט געוואָרן גוטע באַציִונגען מיט די פּויערים אין

דער אומגעגנט, וואָס האָבן רעספּעקטירט די ייִדישע לאַנד־ווירטן וואָס ציִען אַרויס זייער ברויט פון דער ערד מיטן שווייס פון זייער פּנים, געגנוי ווי זיי. די עסקנים האָבן דערי־בער געראָטן די ייִדן אין דאָמבראָווען צו בלייבן אויפן אָרט, נישט אַנטלויפן. ייִדן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם און זיי האָבן טאַקע געפאָלגט. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשע האָפענונג.

שבת י״ז תמוז תש״א (12טער יולי 1941) האָבן זיך אין די געסלעך פון דער קאָלאָניע אַריינגעלאָזט באַנדעס מאָל־דאַווענער מיט ליידיקע זעק און שטעקנס אין די הענט. ביז נאָך מיטאָג האָבן זיי קיינעם נישט אָנגערירט, אָבער באַלד ווי עס איז געוואָרן טונקל, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין די הייף און אָנגעהויבן אַרויספירן די קי און עופות פון די שטאַלן און שטייגן. די ייִדן האָבן זיך פאַרשלאָסן און נישט געוואָגט אַרויסגיין אין דרויסן. אַז עס איז געוואָרן פינצטער האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה. די ערשטע זאַך איז געווען דאָס רויבן די געשעפטן. דערנאָך האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין די ליידיקע וווינונגען. די איינוווינער זענען אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די שכנותדיקע גערטנער, אָדער אין די תבואה־פעלדער. די כוליגאַנעס האָבן צערויבט אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען צו רירן פון אָרט, און דאָס וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט מיט זיך נעמען האָבן זיי פאַר־ניכטעט מיט זייערע העק און שטעקנס. די ווילדע געשרייען פון די רויבערס, דער אָפּקלאַנג פון צעבראָכענע טירן און צעהאַקטע מעבל, די געוואַלדן פון די פרויען און קינדער, האָט יענע נאַכט פאַרוואַנדלט אין אַ נאַכט פון גרויל וואָס איז נישט צום אָפּשילדערן. דער רויב האָט געדויערט ביז אינדערפרי. די געשרייען האָבן זיך איינגעשטילט, ערשט ווען

עס איז אָנגעקומען דאָס רומעניש־דייטשע מיליטער און באַ־
פוילן די מענטשן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און צו
פאַרזאַמלען זיך אויפן פּלאַץ פון דער שולע, און אַז דעם
ועמען מען וועט טרעפן אין דער קאָלאָניע גופא, וועט
דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן אָרט האָבן די
זעלנער צעשיידט די מענער פון די פרויען און באַפוילן
אָוועקצוגעבן דאָס צירונג און דאָס געלט וואָס זיי האָבן ביי
זיך. זיי האָבן געוואָרנט, אַז באַלד וועט יעדער איינער באַ־
זוכט ווערן און יעדער ביי וועמען מען וועט געפינען צירונג
אָדער געלט, וועט דערשאָסן ווערן. נאָכן צורויבן אַלץ ביי
די מענטשן אויפן אָרט, האָט אַ רומענישער אָפיציר זיך גע־
ווענדט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: ״איך האָב נישט קיין צייט
מיט אייך זיך צו פאַרנעמען. איר זענט פריי. גייט וווּהין איר
ווילט, ווייל סיי ווי וועט איר אַריינפאַלן אין די הענט פון
דייטשן מיליטער, וואָס וועט אייך פאַרניכטן״.

די איינוווינער האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערגיין גרופּעס־
ווייז, אָן שפּייז, אָן שום מיטלען, חוץ מיט די מלבושים וואָס
יעדער האָט געטראָגן אויף זיך. האַרצרייסנדיק איז געווען די
צעשיידונג פון אַלטע און שוואַכע עלטערן וואָס האָבן נישט
געקענט מיטגיין מיט די פּליטים און געבליבן אויפן פּלאַץ
ביי דער שולע גייענדיק אויף קידוש השם. אַ גרויל און
ציטערניש האָט אַרומגענומען די פרויען און באַזונדערס די
קליינע קינדערלעך וועלכע מען האָט נישט געקענט באַ־
רויקן נאָכן נאַרוואָס דורכגעמאַכטן קאָשמאַר. דער גורל פון
די פּליטים איז געווען נישט בעסער: די וואָס זענען אַנט־
לאָפן אין דער ריכטונג פון מאַרקולעשט זענען אַריינגעפאַלן
אין די הענט פון דער פאַשיסטישער אַרמיי און זענען פאַר־

ניכטעט געוואָרן. אַנדערש איז געווען דער גורל פון די וואָס זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון דניעסטער. נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך דערוויטערט עטלעכע קילאָמעטער פון דאָמב־ראָווען אין דער ריכטונג פון ווערטוזשען, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויפן דייטש־רוסיש־רומענישן פראָנט. גראָד איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקער קאַמף פון האַרמאַטן און אין דער לופט. אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד צווישן די פעלדער מיט תבואה און מיט ציטער און פחד געוואַרט אויפן סוף פון דער שליאַכט. נאָך לאַנגן מי און מאַטער זענען די אַנטלויפנדיקע אָנגעקומען אין האַלבער נאַכט קיין ווער־טוזשען וואָס איז געווען פאַרלאָזט און אַלע איינוואוינער זענען געהאַט אַריבער דעם דניעסטער. צומאָרגנס פאַרטאָג, האָבן פישערס אַריבערגעפירט פאַרן פרייז פון אַ רובל פאַר אַ קאָפּ די מענטשן, אין שטעטל קאַמינקאַ, וואָס געפינט זיך אויף דעם מזרחדיקן ברעג פון דניעסטער. דאָ האָט זיך אָנ־געהויבן דער נע־ונד באַגלייט מיט יסורים און ליידן, אָנ־הייבדיק מיט די אוקראַינישע סטעפּן, ברעגעס פון דער וואָלגע און די רעפּובליקן אין אַזיע. אַהין זענען אויך אָנגע־קומען די יידן פון דאָמבראָווען. אַ טייל פון זיי זענען גע־שטאָרבן אין וועג פון קעלט און פראָסט, הונגער, טיפוס און דיזענטעריע. בלויז יחידי סגולה האָבן זוכה־געווען, אויס־געהאַלטן און צוריקגעקומען לסוף צו זייער אַלטער היים טרעפנדיק אויפן אָרט אַ פאַרוויסטע, חרובע קאָלאָניע. היינט געפינט זיך דאָרט אַ מלוכהשער "סאָווכאָז" וואָס באַאַרבעט די פעלדער פון דער אַמאָליקער ידישע קאָלאָניע. פון אַלע געבויען זענען געבליבן בלויז די בתי־כנסת וואָס זענען געבויט פון שטיין, איצט געפינען זיך אין זיי וואַרשטאַטן אין וועלכע עס ווערן רעפּאַרירט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען.

א. ל. פרומערמאַן (ירושלים)

# נישט פאַרגעסן!

## אַ רעדע געהאַלטן ביים אַנטהילן דעם לוח־זכרון אויפן הר־ציון אין ירושלים — כ"א אייר תשכ"ו (11.5.56)

מיר אַלע, אָפּשטאַמיקע פון אונדזער שטעטל וואָס האָבן זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט, זענען בבחינת ברידער און שוועס־טער, איין משפחה וואָס איז געבליבן ביים לעבן נאָך דער גרויסער שריפה און אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידישע פאָלק בשעת דער פאַרכטיק־מוראדיקער קאַטאַסט־ראָפע. אונדז אַלע פאַראייניקט די נאַטירלעכע נאָענטקייט צו דער ערד, צו איר ליכט, געאָגראַפישע סטרוקטור, מענטשן און קולטור פון אונדזער קליין שטעטל, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

מיר אַלע געדענקען מיט בענקשאַפט דאָס שטעטל וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט גאָרטנס, באַלאָדן מיט פירות און מיט וויינשטאָקן. אַלע געדענקען מיר אונדזערע שפּאַצירן איבער די זיך ברייט־ציענדיקע פעלדער און גערטנער, די פריש־קלאָרע און געזונטע לופט וואָס מיר האָבן אריינגעאָטעמט אין זיך. מיר אַלע געדענקען ווי מיר פלעגן זיך פאַרגנבענען אין די גאָרטנס און געגעסן מיט אַפּעטיט די זאַפטיקע פירות — מיט אָדער אָן אַ דערלויבעניש פון די באַלעבאַטים. מיר אַלע זענען געגאַנגען אין דעם איין און איינציקן מרחץ פון שטעטל, געטובלט זיך אין איין מקוה. מיר אַלע געדענקען

ווי מיר זענען געגאַנגען צום ברונעם שעפּן וואַסער כדי אויפצושטעלן דעם "סאַמאָוואַר", טרינקען טיי "מחייה־נפשות" מיט אַלע מינים איינגעמאַכטסן וואָס אונדזערע מאַמעס האָבן צוגעגרייט זומער־צייט. מיר אַלע זענען געגאַנגען שבת און יום־טוב אין שול אַריין, געלערנט העברעיש און אַריינגעאָטעמט אין זיך די ליבשאַפט נאָך ציון און די בענקשאַפט צוריקקערן אין לאַנד פון אונדזערע אבות.

זינט די עלצטע צייטן פלעגן אונדזערע עלטערן זיך נוהג־זיין אויפצושטעלן אַ מצבה, אַ מאָנומענט וואָס זאָל דערמאָנען דעם זכר פון די געפאַלענע. בכל דור — אין אַלע דורות האָבן די שונאים אונדזערע געוואָלט אָפּמעקן דעם זכר פון אונדזער פאָלק פון דער וועלט, אויסוואָרצלען יעדעס געדעכעניש. אויך אין אונדזער שטעטל, ווי מיר האָבן געהערט פון עדי ראיה ועדי שמיעה, זענען אָפּגעמעקט געוואָרן אַלע הייזער פון דער ערד, אַלע ידן זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן. אויך פון בית־עלמין איז קיין זכר נישט געבליבן. די נייע "איינוווינער" וואָס האָבן באַגזלט און באַרויבט אונדזער פאַרמעגן האָבן אפילו די מצבות אַרויסגעריסן פון די קברים און זיך באַנוצט מיט זיי. זיי האָבן געוואָלט אָפּמעקן דעם זכר אויך פון די וואָס זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און פון די וואָס האָבן דערצו נישט זוכה־געווען.

דער לוח הזכרון וואָס מיר אַנטהילן הייַנט געפינט זיך צווישן פיל אַנדערע געדענק־טאָוולען פון חרוב־געוואָרענע ידישע קהילות אין אייראָפּע. זאָל אָט דער לוח זיין פאַר יעדן איינעם פון אונדז — אַ מין מצבה, אונטער וועלכער עס רוט דאָס געביין פון זיין פאָטער, מוטער, ברידער און שוועסטער און פון אַלע קרובים און טייערסטע וואָס זענען דערמאָרדעט און אויסגעשאָכטן געוואָרן, פון די אַלע וואָס

זענען פאַרצוקט און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די חיות אין פעלד און דורך די רויבפייגל פון הימל.

דידאַקטיקע סימבאָלישע מצבה וועט אויפגעהיטן ווערן אויף דורות — לזכר די אַלע וואָס האָבן געלעבט און אויפגעשטעלט דאָס שטעטל און לזכר די אַלע וואָס זענען אומגעקומען מיט אַלע מיני מיתות משונות. און אויב מיר וועלן זוכה־זיין צוגעבן צום דאָזיקן לוח אויך דעם ספר־זיכרון וואָס וועט דערציילן וועגן לעבן, וועגן די מענטשן, אַנשטאַלטן, לאַנדשאַפט, קולטור און האַרציקייט פון אונדזער שטעטל, וועט אונדזער ווערק זיין גאַנץ.

**מאיר וויינבערג (רוסלאַנד)**

## איך זע דיך, מיין שטעטל

איך זע דיך מיין שטעטל, פאַרינגלט אין נויטן,
פעלדער פאַרזייטע מיט צייטיקע ברויטן.
איך זע אייך קדושים, געשוואָלענע פון טרערן,
איך וועל אייער קול, אפילו אין מדבר דערהערן...

איך זע דיך מיין שטעטל, אין שטילע פאַרנאַכטן
שאָף און רינדער גייען אין פראַכטן,
אויף שטויביקע וועגן פאַרפלייצן די קינדער,
איך זע דיך אין חלום, מיין שטעטל, אַ וווּנדער.

אָט שטייסטו מיין שטיבל אין טרויער פון ניגון,
מיין מאַמע, אַ קראַנקע, אַ קינד טוט פאַרוויגן,
אַ שאָקל דאָס וויגל, אַ קרעכץ און אַ טרער,
קום שוין, דו אויסלייזער, גיכער אַהער...

פרעמדע שוועלן באַטרעטן די קינדער פון נויט,
זיי בעטן און זוכן אַ ברעקאַלע ברויט.
עס שווייגן די מענטשן אין פעלדער געבונדן
ווייל דאָס שטעטל אַרום איז אין פייער געצונדן.

קברים ווי סנאָפּעס צעוואָרפן נאָך אַ רעגן,
אויף שטרעקעס פון לאַנקעס, אויף שליאַכן פון וועגן.
ווי צאַנקענדיקע מנורות אין שול ביי דעם עמוד,
אַזוי שוועבסטו פאַר מיינע אויגן אייביק און תמיד...

---

# א טיילווייזע רשימה
# פון די משפחות אין דאמבראוועץ
# פארן אומקום

(צוזאמענגעשטעלט דורך א. ל. פרומערמאן)

---

## די קלויז גאס

פרומערמאן פסח
אקסענפעלד נפתלי
סיראטע נתנאל
קארענבליט בריינה
פרומערמאן אברהם
סעלצער אברהם
קופערמאן אברהם
גרינשטיין משה
פרומערמאן יצחק
זאץ עזריאל
טעלעגראפצ׳יק משה
מלך אברהם
ווייסר חיים
ווייסער יואל
דובובע זיידע
דובובע נחום
דיין חיים
דעכטיאר חנה
וייסר צבי (הרש)
סעלצער חיים
סעלצער פיני
ויינבערג מאיר
בענדערסקי איסר

זאלצמאן אהרן
דעכטיאר אליעזר
לעווענטאל מאיר משה
קאצ׳קע לייב
סיראטע מאיר
אקסענפעלד אליעזר
קומארוב יחזקאל ורחל
פרומערמאן יעקב
קומארוב אברהם
שמוקלער לייביש
קייסר מרדכי
שווארץ קליידל
קייסר משה
ליפשיץ ישראל
ליפשיץ יעקב
גרינשטיין יצחק
שמוניס אבא
אקסענפעלד משה־מרדכי
קאפליבאצקי אייזיק
וינדעטשאנסקי לוי
זילבערמאן משה־צבי
ווייצמאן אליעזר
פסח ראובן
דרינבערג ברוך־חיים

## די פאסט גאס

ווײנשטײן אפרים (פרויקע מלמד)
קײסר ברל־דב
סורוצקי אײזיק
סעלצער אײזיק
ראבינאביץ ברל־דב
פעלדמאן אהרן־משה
גאָלדריגע לײב
וינדעטשאנסקי װעלװעל
סורוצקי שבתאי
פוקס פסח ובתיה
קארענבליט חײם
שימשאָביץ משה
סקווערער חײם
גלוזמאן יצחק
מלך מנשה
שמוקלר אײזיק
פאָדגאיץ אפרים
האראסט אהרן־שמואל
צבי צוויקאלע (דער שרײער)
חושך שמואל
נוסינקיס שפרינצע
באראש שרה
בוביס יצחק
סופר ראצה (די סארווערין)
דײן ישראל־הירש
ליפשיץ שלמה (דער רויטער)
פומעראנץ
בלובשטײן יעקב
בלובשטײן שעיה
דוד דער סטאלער
מלך יצחק
בערקוביץ אײזיק
מלך משה ואלקה
קאָלער חײם
מילשטײן שלמה
נוסינקעס שמאי
שמוקלער יצחק
װערנעװער װעלװעל
סעלצער שמאי
ווײנבערג הערש בער

## די תלמוד־תורה גאס

זאץ יצחק
ריבליס חײם
שלימאָביץ קלמן
גרינבערג (דער טערפיקער)

## דאס אינטער געסל

שלימאָביץ ליבע
דרינבערג זעליג
קענציס משה־הירש
גראָסמאן זלמן

ליפשיץ חיים
קוזמינסקי יוסף
סיראטע וועלוועל
רוגוטקע יעקב

די גלאזונע גאס

הרצענשטיין לוי
דורוגוי יעקב
בערקאוויץ שעיה
יורגעל פייסי
דערמאן נח
דערמאן יצחק
אקסענפעלד זלמן
אהרונוביץ משה
לייזערמאן שמואל
דימענטשטיין דב
דימענטשטיין מייצי
דימענטשטיין בוזי
מאריאסע דודל
לייזערמאן אליעזר
פודגאיץ שמואל
גולודריגע יוסף
פאלאטניק אהרון
פליישער שעיה
ברונשטיין אידל
זאלצמאן וועלוועל
ברייטמאן לייב

וואווע דער רויטער (א שניידער)
פרידמאן שמואל
הויכבערג אברהם־יצחק
הויכבערג לייב וחנה
קומארוב יוסף שלום
דיין מענדל
טולצעס הירש
בערקאוויץ שייקע
בערקאוויץ דודל
קומארוב פרויקע
שלייזער יהושע וצ׳רנה
צירולנקיק הערש
פוקס יצחק
פוקס משה
פילדיש שבתאי
פוקס חיים
פוקס אשר
פוקס הירש־צבי
פוקס אברהם
פוקס יהושע
ווארעטע רייזל
ווארעטע חיים
ווארעטע תנחום
קומארוב יצחק
אקסענפעלד אברהם
רובינשטיין ראובן
לאבער שרה (די אפטייקערן)
זאץ משה ושפרה

בערקאוויץ נחמה
עלגורט פייוועל
נוסינקיס שלמה
סעלצער שלמה
סעלצער איטה
גליזער אברהם
וואסערמאן העני־ביילה
קארענבליט נחום
קארענבליט יעקב
אלטע און שייוועs
אלקין שמחה (חאפ)
פרומערמאן מאיר בן אברהם
עלגורט שלום
ליכטמאן
זאץ בערל דב
סענדלער נתנאל
רוגוטקע יוסף
ראבינאוויץ יעקב
ראבינאוויץ דודל
פרידמאן נחמן
זיגעלבוים אהרן
דימענטשטיין מאיר
דוידזאן ציפע
ווינשטיין ישראל
פריוומאן בן־ציון
קומארוב יוסף
דוידזאן ברוך
מלך נתנאל

קארענפעלד דוד
מלך יצחק
מלך מאיר
זלוטניק איציק
חאראסט עקיבא
זוסמאן שמשון
שמוקלער מאיר
מולדצ׳נסקי יוסף
אורצע שניידער
מלמוד אייזיק
ציסין משה
צוגעל יעקב
בוטניק יצחק
צוגעל אברהם
מערלין יצחק
מלמוד אברהם־משה
בארג נתנאל
מלמוד מיכאל וסלימה
בארג יעקב
משהלע בעל עגלה
סוצקי דניאל
פינצעבסקי אידל
גערצענשטיין לייב
באס יעקב
חאראסט
סאלטאנוביץ
מאגנער משה
פינצעבסקי יחיאל

ווינבערג מאיר (בן־דב)
קומארוב מנשה
ראבינאוויץ יששכר
אברמוביץ מוניה
מוגוליינער אברהם

## דאס יאר געסל

עלגורט משה
ליפשיץ מיכאל
שלימוביץ משה
חאראסט פסח
קארענבליט יעקב
ווארעטע יעקב
פיכמאן זאנוויל
גופשפאן פישל
בארג חיים דוד
רילבערג פסח
קרעמער בן־ציון (דער שוסטער)
בודמאן יעקב
שמוניס אידל
סעלצער חיים
העקסלער משה
רויטמאן פרץ
רימער נתן
אהרון דער שמש
ויינבערג יצחק
חאריטון לייזער

קארענבליט מינקע
סוחר רחל
וויינבערג יוסף
פליישער בערל דב
בארג תבל
מלך נחמן
שטופמאן פרידל
וויינשטיין פרץ
זאץ דוד

## דעם רב׳ס געסל

אבראמוביץ יצחק אברהם
מאגין־גינזבורג שמואל
בארג גרשון
דוידזון שעפטיל
הרב שטערענבערג לוי
מלך משה
בערקאוויץ אליעזר
סיראטע אהרון לייב (מאנעס)

## דאס בארג געסל

בארג יוסף
דימענטשטיין יונה
ראבינאוויץ שמואל
מלך משה
ראבינאוויץ בערל

לייזער שוסטער
שפערלינג זוסיע
שפערלינג חיים
ישראל קאוועל
סיראטע קלמן (בעריוזקער)
ווערנעווער חיים
ליפשיץ זלמן
אקסעלרוד אשר
אקסעלרוד שמעון
אקסעלרוד אהרן